פ. גודמאַן

# אין געשפּאַן

צווייטער באַנד

## לידער און געדיכטן



ניו יאָרק, 1932.

געדרוקט אין דער אַסטאָריאַ פּרעס
61 איסט 4טע סטריט
490

איבער פּאַפּיר מיין פּען,
שוואַרץ און בלוי דימענטדיק גלאַנצט;
איבערן פּאַפּיר, פרישע טינט,
פיל איך, וואָס פרישעס פאַרפלאַנצט.

איבערן פּאַפּיר מיין פּען,
ציטערט אַ שאָטן פאַרביי;
נאָר, וואָס געפלאַנצט, איז געפלאַנצט,
ערשט פאַר דער זון בלענד עס ניי.

## מ י י ן  ל י ד

דער קלאַנג און שורה פון מיין ליד,
ווי גינגאָלד איז ביים גאָלדשמיד;
אויף וויפיל „קאַראַט“ פרואווט דאָס גאָלד
און יעדער קאַראַט גאָלד זיך צאָלט.

די ערשטע שורה פון מיין ליד
פיל פעסטער שלייף און שטאַרקער שמיד;
איך שטעל דאָס, ווי אַ פונדאַמענט
פאַר ציגל שורות אויף די ווענט.

די לעצטע שורה פון מיין ליד
איז הונדערט קאַראַט אויסגעשמידט;
ס'ליד איז, מיין מוזע'ס אַ געשאַנק —
און טראָגט שפּיץ-טורעם פון געדאַנק...

## דאָס ליד פון אַרבעט

ליד, ליד, ליד! ווי לאַנג זינגט דער שמיד?
ביז דאָס אייזן גליט שוין רויט,
האַמער שמידט אַן אייזערנע הויט —
קלינגט דאָס אויס פאַר דאָרף און שטאָט:
פאַר דער וועלט אַ נייע ראָד.

קלינגט דאָס ליד, קלינגט! ווי לאַנג דער שוסטער זינגט!
ביזן קנאַפל אין דער זויל,
האַמער, טשוועקעס קלאַפ נישט הויל —
ביז שוין גרייט צום אָנטאָן זיך:
פאַר דער וועלט אַ נייעם שיך.

קלינגט דאָס ליד, קלינגט! ווי לאַנג דער שניידער זינגט!
נאָדל, נאָדל שטעפ און ניי,
ביז אַ העקעלע פאַרשטיי —
ביז אַזוי, צום אָנטאָן גרייט:
פאַר דער וועלט אַ נייע קלייד.

קלינגט דאָס ליד, קלינגט! ווי לאַנג דער וועבער זינגט!
קניפ און פעדים, לאָז און קלעפ —
ביז דער וועבשטול פלעכט ס'געוועב;
טאַנצן פעדים אַראָפּ, אַרויף:
פאַר דער וועלט אַ נייעם שטאָף.

קלינגט דאָס ליד, קלינגט! אין טויזנט מלאכות זינגט!
ווי ביים גאָלד־שמיד אין די הענט —
און ביים מויערער ביי די ווענט —
ביז שוין אַלצדינג אָנגעגרייט:
פאַר דער וועלט אַ נייע פרייד.

## זינגט זיך אַרויס

טויזנטער קראַפט-שטול געַרויש!
קלינגט אַן איינטאָניק געפּלויש —
לויפט אַזאַ רוישעניש אום,
רוישט מיט אַן אייזערנע שטים;
שלאָגט דאָס גערויש אין די רייד —
גלושעט אין אויער און שרייט.

טויזנטער קראַפט-שטול געַרויש!
ווען עס אַן אָרט איך פאַרטויש?
איטלאַכס פיצעלע רוים,
ליידיק, וואָס איז נאָך צום תהום;
שלאָגט דאָס גערויש, ביז ניט ווערט, —
ביז אַלץ אינאיינעם פאַרצערט.

טויזנטער קראַפט-שטול גערויש!
ווען עס אַ סימפאָניע כ׳פאַרטויש?
נוצט דען מיין אויער אַהער?
און מיין גַעדאַנק, וואָס איך קלער:
צי איז דאָ, אַ שלאָס אין מיין הויז?
שלים איך מיך צו, פון געברויז.

טויזנטער קראַפט-שטול גערויש!
היט איך מיין ליד פון געפּלויש,
יעדן קלאַנג, וואָס באַהאַלט אויס,
זינגט פון די לעפצן אַרויס;
שעפּטשען די ליפּן אין מיט:
ס׳שטילע געפּליסטער פון ליד...

## דאָסביימל בײַם פֿאַבריק

וואַקסט אַ ליבע ביימל,
בײַם פֿאַבריק, בײַם וואַנט;
איז דאָס גאָר אַ זעלטן,
פֿרעמד און אומבאַקאַנט.

עפֿן איך דאָס פֿענסטער,
וואו דאָס ביימל שטייט;
איז דאָס גאָר אַ וואונדער,
פֿרישן אָטעם ווייעט.

וויגט זיך אום דאָס ביימל
און זײַן שאָטן הילט;
ווען עס בלאָזט אַ ווינטל,
פֿאָכעט עס און קילט.

וועלקט דער האַרבסט די בלעטלאַך,
וואַרפֿט זיי צו דער ערד;
פּאַסט עס צו מײַן לעבן,
אין פֿאַבריק, וואָס ווערט.

פֿרילינג, ווען דאָס ביימל
בליט און גרינט אין מאַי;
ווילט זיך כאָטש אויסדאַכטן,
אַז איך בלײַ אויפֿסנײַ.

## דער פאַבריק-קוימען

פון פאַבריק, דעם העכסטן הויך,
בלאָזט דער קוימען אוים דעם רויך;
הייבט ער אָן, פון הינטער-גרונט,
בלאָזט זיין אָטעם, שטאַרק געזונט.

נאָר, ווי שווער מיין אָטעם-ציי,
וויפיל אַרבעט אין מיין מי;
וואָס די אַרבעט פלינקער אייל,
בלאָזט דער קוימען גיכער אַ מייל.

בלאָזט דער קוימען, פרי און שפּעט,
אַזש דער אָטעם מיר פאַרגייט;
בלאָזט דער קוימען, טאָג און נאַכט,
ביז זיין רויכיק מויל פאַרמאַכט.

## פאַבריקן מויערן

מויערן אַרום און אַרום
פון די פאַבריקן די ווענט;
טונקעלע שויבן אין מיט,
אויגן אין טונקלקייט בלענדט.

שיינט נישט די זון גאָר אהערצו,
איבער מיין מאַטן געזיכט;
ברענען, ווי וועקסענע ליכטלאַך,
לעמפלאַך מיט עלעקטרישע ליכט.

ברענען, ווי איבער אַ טויטן,
אַנגסטן באַפאַלן אַזוי;
מויערן אַרום און אַרום
שאָטנדיק לעבן מיינם גרוי.

## שטענדיקער יאָך

שטענדיקער יאָך פון דער אַרבעט איך טראָג,
גיי איך אָן אַרבעט אַרום;
וואַקסן די שולדן, מיט איטלאַכן טאָג,
דאַכט זיך, די וועלט קוקט מיר קרום.

שבת, דער איינציקער טאָג, פון דער וואָך,
שטייט אין פאַבריק די מאַשין;
גרינגער מיר ווערט, איך פאַרגעס פון מיין יאָך,
גיי נישט און קום נישט אַהין.

זוך נישט קיין אַרבעט דעם איינציקן טאָג,
נישט מיין דערוואַכן דערמאָן;
רעכן נישט צו, צו מיין לאַסט, וואָס איך טראָג,
שבת, קיין חובות, נישט מאָן.

## לוין

מיין טעגלאַך און קלעגלאַך פאַרדינסט,
דאָס מאַטערט מיך אויס אין געדאַנק;
איז קנאַפּ, וואָס מיין גוף דאָס פאַרצערט,
נאָך בלאָנקעט מיין נשמה איצט קראַנק.

מיין היילונג, דערהאָלונג צום מאָל,
ווער שולדיק — וואָס מאָנט אַלץ מיין זין;
וואָס ערלאַך איז שווערלאַך אַזוי —
פאַראָרעמען אַלץ, וואָס איך בין.

מיין גייסט איז געדאַנק־רייך געוואוינט,
שוין איבער געשוועבט טראָן און קרוין;
דער גוף נאָר מיר ליידט, ווי עס איז,
באַנוגנט זיך מיט אַזאַ לוין.

## דער „פייער-עסקייפ“

דער „פייער-עסקייפ“ פון פאבריק,
באהיט אמאל אונז פון געפאר;
און פאלשן אלארם, זיך טרעפט,
איז בעסער דער שפאס שוין דערפאר.

אף פראבע, עס קלינגט אין פאבריק,
א פייער־אלארם צו-פליים;
די אייזערנע טרעפ פון עסקייפ,
פארהיפ נישט, אריבער א שפרייז.

די אייזערנע טיר, ביים עסקייפ,
וואס פירט צו דעם אייזערנעם גאנעק;
אף פראבע, עס קלינגט אין פאבריק:
אנטלויף נישט, ווי פון א פאניק.

דער פייער־עסקייפ, פון פאבריק,
מיט אייזערנע פארענטשעס ביים זייט;
נאר כ׳פיל, ווען איך גיי דורך אמאל,
ווי פון א תפיסה באפרייט.

## אָ, זאָג!

די טעג׳ס זונענדיקע שעה׳ן,
אין גרים-צארן אלץ פארגייט;
אין ווען׳ס האווענייש בין איך פארטאָן?
און זיין גאנצן וואכעדיקייט.

אָ, זאָג, וועלכע אנדערע שעה׳ן,
פארבייטן דען אזוינע טעג?
פארשאלטענע אזוי טוען,
אָן אייגענעם פיצל פארמעג.

## צווישן פאַבריקן

צווישן פאַבריקן, די שטיגן
אַרויף און אַראָפּ, זיך געגאַנגען;
פריי האָט דאָס האַרץ מיר געזונגען:
נישטאָ היינט אויף „הענט" קיין פאַרלאַנגען.

צווישן פאַבריקן, די טויערן,
איך האָב אָן די טירן געקלונגען;
פריי האָט דאָס האַרץ אָפּגעאָטעמט,
ווען היינט האָט מיך קיינער געדונגען.

צווישן פאַבריקן, די מויערן,
עס האָט זיך מיין שאָטן געבויגן;
אויסגעגלייכט האָט זיך מיין רוקן,
ווען אַלץ איז געווען הינטער די אויגן.

## ביים וועב-שטול

ביי דעם וועב-שטול אָנגעשפּאַרט,
ברוסט צו „ברוסט-בוים" אָנגעלענט;
קלאַפּט דער וועב-שטול, קלאַפּט אין האַרץ,
ביז די אָוונט-שעה געענדט.

פאַלן די פּיס אונטער מיר,
שעה נאָך שעה פון אומגעלויף;
און די אויגן שווינדלען מיט
און דער רוקן ברעכט צענויף.

כאָטש אַ רגע אָנגעלענט,
ווי צום שטעקן אָנגעשפּאַרט;
ווי אַ קוליע אונטערן האַנט —
ביז דעם טאָג שוין אָפּגענאַרט...

# אין געוועב

צום געוועב, צום געוועב,
אין דער פרי, פריש אויפלעב;
די וועבשטול, שוין אין גאַנג,
די שיצן, שוין אין קלאַנג,
און עס לויפט און עס פליט
און די שפּול־פּאָדעם ציט;
לויפט אַראָפּ און אַרויף
אין באַשאַף פון דעם שטאָף,
דאָס „געשער" אין געטאַנץ,
די קאָליר און דער גלאַנץ,
די פעדים אין געפלעכט,
אין געטאַנץ און באַהעפט.

אין דער פרי, ניי באַלעבט,
דאָס געוועב פלעכט זיך, וועבט;
און מיין האַרץ אין דער שטיל,
אין געטאַנץ, אין געשפּיל,
אין גערויש, אין געקלאַנג,
פול באַגער און פאַרלאַנג;
פריש אין קראַפט אין מיין מי,
הייב איך אָן אין דער פרי;
און מיין פיין און מיין פרייד,
אין דער לענג, אין דער ברייט —
פלעכט איך מיט, וועב איך מיט,
דאָס געזאַנג פון מיין ליד.

## וואָס איך וועב

וואָס איך וועב, פאַר דער וועלט!
איז דער שטאָף, וואָס געפעלט;
אַז אַליין בין איך פרעמד,
וועב אַ שלייף ביז אַ העמד,
וועב אַ בלום ביז אַ קלייד,
ביז די זון, ווי אין זייד.

וואָס איך וועב, פאַר דער וועלט!
וועלכער שטאָף, אייך געפעלט?
נאָר, וואָס וועב, נישט פאַרוועב,
דאָס אַזוי זיך פאַרלעב —
און וואָס פלעכט, נישט פאַרפלעכט,
מיר, די טעג, ווי די נעכט.

וואָס איך וועב, פאַר דער וועלט!
וועלכער שטאָף מיר געפעלט?
זיך פאַרגעסן, ווער ווייס,
צי דעם פרילינגס צווייט-ווייס,
צי גאָר דעם האַרבסט-בלאַט ברוין —
דאַכט זיך איינס — אַנט מיין לוין.

## קניפּן

רייסט זיך ניט, זיידענע פעדים,
רייסט מיר ניט איבער דעם טרוים;
קניפּ איך צוזאַמען אין וועבן
פעדים, וואָס האַלטן זיך קוים.

קניפּ איך צוזאַמען דאָס שטאַרקע,
וואָס איז נאָך שוואַך איבערשפּין;
נאָר, וואו מיין לעבן צערייסט זיך —
לערן מיך אַ קניפּ מאַכן דערין...

# אָן אַ נאָמען

וואָס האָב איך געוועבט און געפלאָכטן?
און איר האָט געשטריקט און געהאָפטן
אַ נאָמען זיך אויס;
אין שטאָף ביי אַ זוים דאָס פאַרבויגן,
מיט זיידענעם פאָדעם פאַרצויגן
אַ נאָמען זיך אויס.

נאָר, וואו איז מיין נאָמען פון וועבן?
צי האָט איר פאַרצייכנט דערנעבן
אין סאַמעט און זייד;
ווילט אפשר, אַזוי זיך געפעלן
און זיך מיט אַ נאָמען פאַרשטעלן
אין סאַמעט און זייד.

ווילט אפשר דאָס אייעריקע שוינען,
ווען איך האָב צו מאָנען נאָך לוינען
פון טעפּיך און פּליוש;
וואו קען איך מיין נאָמען געפינען?
געפלאָכטן, געוועבט און געשפּינען
דעם טעפּיך און פּליוש.

וואָס האָב איך געוועבט אַלץ פאַר ווענען?
ווען פאַסט עס, מיין נאָמען פאַרשעמען
פון שטאָף און געוועב?
איר שטריקט בלויז אַ פּיצעלע צייכן —
מיין נאָמען, אַ וועלט וואָלט דערגרייכן
פון שטאָף און געוועב.

# די שפּולערן

ווי‌פיל שפּינדל מיטאַמאָל?
שפּול איך מיר און שפּול און שפּול —
שפּינדל, שפּינדל, שפּינדל דריי!
דריי די פינגער אויס דערביי.

שפּול איך שפּולן גאַנצע טעג,
ווי‌פיל שפּינדלס, גאָר נישט פרעג;
רייסט אַ שפּינדל מיטאַמאָל,
גיך אַנקניפּן טו די שפּול.

כאַפּט זיך אַלץ אַריין אַ קנופּ,
שטיי ביים שפּינדל, ציפּ און צופּ;
טרעפט אַזוי אַ „שלוריץ" אין שפּול,
פּלאָנטערט זיך, פאַרוואַרט אַ קנויל.

שפּול איך שפּולן, שפּול און שפּול,
ווי‌פיל וועבער, לויט דער צאָל;
ווי‌פיל וועבשטולן, לויט דער גרויס,
שפּול אין שיצן, פלינק לויפט אויס.

שפּול איך אויס, אַ גאַנצע וואָך,
אויף דער שפּול-מאַשין מיין יאָך —
שפּינדל, שפּינדל, שפּינדל דריי!
יאָג די נויט אַזוי פאַרביי...

## אַלע קאָלירן

אַלע קאָלירן אויסגעוועבט,
מיטן בלוט די פאַרב באַלעבט;
נאָר, דאָס רויטס פון מיין האַרץ,
אין פאַבריק, וואָס באַשווערט —
האָט זיך אויסגעמישט שוואַרץ,
מיטן קויט פון דער ערד.

ביי דעם וועב־שטול, אַלץ אויסגעוועבט,
מיטן קליי פון די ביינער באַלעבט;
נאָר, הוסט־זשע ניט די לונג אַרויס,
ס'שרעקט, וואָס קלעפּעדיקס־נאַס —
אַלע קאָלירן גייען אויס,
גייען אויס אַזוי בלאַס.

## גיי ווי צום טאַנץ

טאָג מיט דער נאַכט נאָר געוועבט,
דומפּיק פאַרשטיקט אין דער לופט;
ס'איינציקע קול, וואָס באַלעבט,
וועקט ווען צום קאַמף אַמאָל רופט.

שפּרייט זיך אַ פאַרב אויף דער הויט,
קריג איך אַ פּנים גאָר ניי;
און מען פאַרגעסט אָן דער נויט,
יום־טוב'דיק פיל אויף דער פריי.

לייג איך אַוועק דאָס געצייג,
שטומפּיק אַ שקלאַף נאָר זיך פילט;
און ווי צום טאַנץ גיי אין סטרייק!
סיי מען געווינט און פאַרשפּילט.

## שערעלע — שער

שטאָלענע שערעלע, בלאַנק!
גאָלד קלינגט דיין שאַרף אינם קלאַנג —
אַלץ, וואָס פאַרהאַלט זיך, שנייד אָפּ,
שער מיר אַרונטער דעם קנופּ.

שערעלע, בלאַנק אין מיין האַנט,
שנייד מיר ביז פאַרטיק געוואַנט;
שער אָפּ דעם פאָדעם, וואָס קלעפּט,
שנייד, וואָס האָט שלעכט זיך פאַרוועבט.

שערעלע — שער ביזן ברעג,
שער מיר די צויטן אַוועק!
שער אָפּ, וואָס שלעפּט זיך מיר נאָך,
קניפּן, וואָס קניפּט צו מיין יאָך.

שטאָלענע שערעלע, שנייד!
שטאַרק איז דער קנופּ שוין פאַרדרייט;
שער, וואו דער קנופּ גאָר ניט פאַסט —
שער שוין אַרונטער מיין לאַסט...

## זינג אויס, מיין האַרץ!

זינג אויס, מיין האַרץ, דעם שאַפּ-גערויש!
און זיך צעמיש, אַליין פאַרטויש.

רויש, רויש מיין האַרץ, צום דינסט געשטעלט,
ווי ביים מאַשין אַ ראָד נאָך פעלט.

רויש, רויש מיט קראַפט, די הענט פאַרקויפט!
די ביינער נאָ, צענעמט, צעשרויפט.

קלאַפּ, רוישיק האַרץ, ווי שקלאַף-געצייג;
און אין גערויש אַזוי איך שטייג.

פאַרגעס איך אַלץ, וואָס רוישט דער שאַפּ
די נאַכט באַנוץ, דער טאָג איז קנאַפּ.

נאָר, וואָס דערמאָנט די נויט און האַס,
וואָס יאָגט אַזוי דער רימען-פּאַס?

## פאַרשקלאַפטקייט

פאַרשקלאַפטקייט באַלאַדנט,
ווי אַ זאַק אָנגעלייגט;
וואָס פאַלט אַזאַ מידקייט,
ווי אַ האָרב אויף מיר שטייגט?

נו, בין איך דער טרעגער
און דער פּאַק איז די וועלט;
וואָס דריקט אַזאַ שווערקייט,
אויף מיין האָרב זיך געשטעלט?

אַ וועלט אָנגעלאָדנט —
און דער פּאַק איז נישט מיין;
וואָס שפּל'קייט טראָגט זיך,
חוץ דער משא אַליין.

אַ וועלט אויפן פּוקל,
וואו זעט מען זיך אַרויס?
דער פּאַק אויפן טרעגער
גרעסער איז, פאַר זיין גרויס...

## שטאָף און ליד

אין הענט געפלעכט — אין זין געוועבט
און שטאָף און ליד מיין הארץ באַלעבט;
און וועלכעס שענער, דאָס מיך פרייט,
דער וועב-שטול קלאַפּט צום טאַקט באַגלייט.

אין הענט געוועבט — אין זין געפלעכט
און ליד און שטאָף אַזוי באַהעפט;
און זין דערביי און קראַפט דערביי
און יעדן טאָג איך וועב אויפסניי.

ביים וועבשטול וועב און וועב מיין ליד —
און פעדים קניפּ, אין זין איך שמיד;
דער שטאָף צערייסט זיך, האַלט נישט לאַנג —
קלינג ווייט מיין ליד און שטייג אין קלאַנג.

## שלייפן

פון טייערסטן, ביז ביליקסטן געוואַנט,
איז ס׳רענצל מיט שלייפן אין האַנט;
און ווען מען אַ שלייף נאָר געפעלט,
דער פוצט זיך שוין אוים פאַר דער וועלט.

נאָר, ווער האָט די שלייפן געוועבט,
דער האָט דאָך אין דחקות געלעבט;
דאָך, ווען מען גייט אָן, וואָס דעם קוועלט,
כאָטש פוצט אוים מיט שלייפן אַ וועלט.

נאָר, שלייפן פאַרציען אַ קנופּ,
ווער קען דעם קנייטש נעמען אַראָפּ?
און וועלכעס פרעס-אייזן פאַרבייגט,
אויף וועס׳ם נויט, אַ קנייטש זיך פאַרלייגט?

## ווער קויפט זיך אַ שלייף

אויף וואָס אויסגעביטן דאָס בוך,
די מוזע פאַרטוישט פאַר אַ שלייף?
ווער וויל זיך פאַרשלייפן דעם האַלדז,
ביים האַרץ נאָך אויספּוצן זיך שטייף?..

דאָך, פונם פאַרבונדענעם שלייף,
ווער רייסט זיך, וואָס רייסט זיך מיר אָפּ?
און לייב און זעל אַזוי צעקניטשט,
פאַרלייגט זיך אַ קנייטש אין אַ קנופּ...

נאָר, ווער קען אויספּרעסן אַזוינס,
דער גלאַנץ זאָל נאָך בלייבן באַזעלט?
אויסוועבן וואָלט איך אַזאַ שלייף,
קיין קנייטש זאָל ניט זיין אין דער וועלט...

אויף וואָס אויסגעביטן דאָס בוך —
און ווערמען באַט מען עס אָן?
מיין ליד, אוי פאַרשטומט אין מיין האַרץ —
ווער קויפט זיך אַ שלייף אָנצוטאָן?...

## פון אַמאָל

ס'יום-טובֿ'דיקע פון אַמאָל,
איז מיר וואָכעדיק היינט:
מיט גאַסן-געררויש איז פול מיין האַרץ,
אנשטאָט מיט געזאַנג —
טראָג איך, אנשטאָט לידער,
חשבונות אין מיין בוזעם;
פרעמדע און אייגענע חובות ——
זעט זיך נישט אָן פאַר דער וועלט,
וויפיל ציפער צייל אין צאָל;

נאַר, ווער וועגט מיר אָפּ ?
די משא, וואָס דריקט שווער —
און שטעכט דורך מיין ברוסט,
אַ לאַסט אויפן רוקן,
איז אָבער מיין בוזעם גלייך,
זעט זיך קיין הויקער נישט אָן —
אוי, גריבל זיך, גריבל זיך, מיין הארץ,
וויפיל זאָרג אין אַ קנייטש זיך פאַרלייגט ?
אוי, גריבל זיך, גריבל זיך,
מיין אָרעם הארץ,
אין וואַכעדיקן בוזעם ;
וועלכער זין פון לעבן —
ציילט זיך אין חשבון אריין ?

## ניי יום-טוב׳דיקייט

אין גרויער וואַכנדיקייט —
צערייסט זיך דאָס וואַכנדיקע,
טו איך אָן דאָס יום-טוב׳דיקע —
ווײַנט מיין הארץ, פון פאַרשוועכונג,
וואָס וועל איך איבערטאָן ?
יום-טוב !
אַנדערש ווי אינדערוואָכן —
איבלט דער שטויב פון וואַכנדיקייט,
אויפן לייב אַלץ אינאיינעם —
קערט אָפּ, דאָס שטויב-בעזימל
און טרייסלט אָפּ, דאָס וואַכנדיקייט —
נאָר דאָס שטויב-בעזימל, וואָס העלפט ?
וואָס ווערט שוין אָפּגעטראָגן,
אַן אַלטס, אַן אָפּגעריבנס !
און דער יום-טוב וואָס איז ?

דור־דורות אַלט — —
ביינק איך נאָך אַ ניי יום־טוב׳דיקייט
פאַר דער וועלט...

## לינאָטייפּער, לינאָטייפּ!

בליי! בליי! בליי!
קאָכט דאָס בליי,
זידט דאָס בליי,
שמעלץ אין פאָרם,
וואָרט און שטורם;
פלאַמיק הייס,
אָן אַ גרייז,
ניט פאַרפעל,
אות און צייל,
לינאָטייפּער — לינאָטייפּ!

בליי! בליי! בליי!
ווערטער — בליי,
שורות — בליי,
פלאַם, וואָס ציט,
נשמה גליט,
צינד דערין,
וואָרט אין זין,
שיין אויף בלאַנק,
שאַרפט געדאַנק —
לינאָטייפּער — לינאָטייפּ!

בליי! בליי! בליי!
פלאַם צעגלי,
פלאַם צעצי,
„פּרואוו“ מיר ווייז,

ניט פאַרגרייז —
אותיות פאָרם,
ביז שפּיץ־טורם,
לייען מיין וועלט,
וואָס באַזעלט —
לינאָטייפּער — לינאָטייפּ!

## ראַשיקייט

אַלץ איז ראַשיק,
אָנגעשטריינגט,
זעסט דאָס אין ווייסל פון אויג,
אין די קינבאַקן;
זעסט דאָס אָנגעצויגנקייט,
אין דער שלייף,
ווי אַ סטרונע צום פּלאַצן.

אַלץ איז ראַשיק,
אַלע קאָלירן אין געזיכט,
אין ראַשיקייט איבערגעפאַרבט;
אַלע געדאַנקען,
אין איין געדאַנק,
איבערראַשט —
איבערגעוועלטיקט,
וואָס אין זינען,
ציט אַן אומזין,
אַריין אין מיטן טאָן,
אָנגעצויגן האַרט,
פאַרדרייט, ווי אַ דראָט,
ביז ווען, וואָס פּלאַצט,
אין אָנגעצויגנקייט;
לאָזט זיך אויס,

איבערגעריסן,
אויסגעצויגן —
פונם לעבנ׳ס ראַשיקייט...

## איך וועל ניט בייטן

איך וועל ניט בייטן,
דאָס שוואַרץ פון דער נאַכט,
אויפן בלויען פון טאָג —
די נאַכט איז מיר ליב,
די נאַכט שיינקט מיר רו,
און זי בלויז פאַרהילט,
און מיט ליבע זיך שפּילט.

בליקט דער טאָג אויף מיר,
מעג ער זיין ווי שיין,
ווי צוגעפאַרבט,
ווי מיין האַר׳ס האַרץ!
דראָעט זיין באַפעלנדיקער בליק,
אויסגערעכנט, אויף די שעה׳ן פון טאָג —
גרוילט מיך, אַן איבל צום האַר;
און צום שקלאַף, אַ האַס —
טראָג איך, אַ האַרץ אַזאַ מיט פּיין,
צום האַרנשאַפט און קנעכטשאַפט,
און צום טאָג אַזוי!

איך וועל אָבער ניט בייטן,
דעם טאָג אויף דער נאַכט, —
ביידע קומען צוניץ;
דער טאָג וועבט מיין טרוים,
פון מאָרגנדיקן שיין,
ווען פריי וועל איך זיין;

און דער שיין פון מיין אויג,
וועט זיך אָנצינדן אַזוי,
ווי די וועלט זיך צעבליט —
מיט פרייקייט און ליכט,
פון מאָרגנדיקן טאָג...

## באַגייסטערונג

קעפּ אויף קעפּ,
אַ קעפּיקע מאַסע,
ווי מאָן־קעפּלאַך געדיכט,
האָבן אַרויסגעשטעקט;
גרויס, ווי דער זאַל, איז געווען,
איז אַלץ אויף דער בינע,
דער גרעסטער קאָפּ געווען.

קעפּ איבער קעפּ,
אַ וואַלד מיט קעפּ,
האָבן אַרויפצו
די העלדזער געשטרעקט;
און אָנגעשפּיצטע אויערן,
אַהינצו גענייגט,
דאָס גרעסטע וואָרט
פון דער בינע צו הערן —
האָבן טויזנטער אויגן,
צו איין פּאָר אויגן געבליקט,
מאַגנעטיש צוגעצויגן —
און טויזנטער פּאָר הענט,
האָבן פייערדיק, דאָס וואָרט, אַפּלאָדירט!!

קעפּ אויף קעפּ,
ווי אַ וואַלד,
מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם,

האָבן אַלע שטיל געשוויגן. —
נאָר, דאָס וואָרט, ווי פון אַ נביא,
פון מוח און הארץ, האָט געשפּרודלט,
ווי פון אַ קוואַל אַרוים;
האָט מיט שטורעם געהילכט דאָס וואָרט
און אויפן קול געקלונגען:
די נויט געוועקט!
צום קאַמף געשאַלט!
האָבן אָרעמע הערצער
נייע פּנים'ער געקראָגן,
און פון באַגייסטערונג —
זיך דערדרויטלט...

## דאָס דינע ספר'ל

דאָס דינע ספר'ל אין מיין בוזעם,
וואַקסט פון טאָג צו טאָג,
ווי אַ בוימל אונטערן שאָטן,
ציטערנדיק —

ביי טאָג נאָענט אַ שטראַל,
וואַרעמט עס דורך,
וואַקסט אַ בלאַט.
איז וואָלקנדיק,
ציט דער וואָרצל
דעם זאַפט אינעווייניק,
וואַקסט עס אין דער טיף. —

אָוונט שפּרייט זיך אויס די נאַכט,
הילט עס איין אין איר היל,
לאַטשעט עס די נאַכט
אין טרוים —

שטרעקט זיך עס אויס אין רו,
וואַקסט עס גרעסער. —

באַגינען, צוואָגט עס זיך
מיט פרישן מאָרגן-טוי,
וואַקסט ווידער אַ בלאַט —
וואַקסט דאָס דינע ספר׳ל
פון טאָג, צו טאָג,
גרעסער, גרעסער.

## מיין ניגונ׳דל

מיין ניגונ׳דל, מיין ניגונ׳דל,
דו ביסט די נשמה פון מיין ליד;
און ווערטער פּאַסן בלויז דיין גוף —
דיין סטרונע אָבער, שטאַרקער ציט.

מיין ניגונ׳דל, מיין ניגונ׳דל,
דו ביסט אַ מפונק אויף דיין קלייד;
און הוילע ווערטער, טוסט באַלד אוים —
און וויפיל מאָל דיין גוף איך בייט.

מיין ניגונ׳דל, גיי נאַקעט היינט,
כ׳וועל ניט אָנטאָן דיך צום געריוש;
נישטאָ אין שאַפּ און אויפ׳ן מאַרק
זאָלסט עפּעס ווערט זיין, פּאַר אַ טויש.

מיין ניגונ׳דל, פאַרשטום מיר היינט,
דער וואָכן-טאָג, ער הערט דיך ניט;
וואַרט-זשע אויף יום-טוב, ניגונ׳דל,
וואָס זינגסט אַרוים פון מיין געמיט?

## דאָס ליד פון מיין אומרו

גיי און קום — גיי און קום,
איז דיין וועג ענג אַרום,
איז דיר באַנג נאָך אַ גאַנג —
אום-אומרו! הין-הער צו,
וואָס געפינט, דאָס פאַרשווינדט,
וואָס איז פול, יערט זיך פויל —
שלאָגט די זעט איבערן מויל.

גיי און קום — גיי און קום,
בליקט דאָס אויג אומעטום,
אויג, אַ ווייז — פוס, אַ שפּרייז,
ציט מיין זעל ווינט און וועל —
אויער הער, וואָס באַגער:
קלינג-קלאַנג-קלאַנג! שאַל-טאָן-טאָן!
ניט פאַרטשעפּע זיך אָן שפּאָן.

גיי און קום — גיי און קום,
פון דער זייט און אַרום,
דאָ און דאָרט קלאַנג און וואָרט,
צו אַ שילד, צו אַ בילד,
זינג געזאַנג, וואָס איז באַנג —
זוך-זוך-זוך! זין-זין-זין!
טיף אַ קוואַל איז דערין.

גיי און קום — גיי און קום,
פון אַרום און אַרום;
נאָר, וואו ציט מיין געמיט?
מעלאָדיע זינג מיר צו,
וואָס געפין און געווין —
יאָ — דאָס — ניין! ווי — ווען — וואו?
זעטיקט זיך מיין אומרו...

## אויף דער ברייטער וועלט

שמאָל באַגרענעצט, איז מיין היים,
ביז אַזוי אַ קליין געצעלט;
גיי איך האָפּערדיק אַרויס,
אויף דער גרויסער, ברייטער וועלט.

נאָר, נישט אַלצדינג איז מיר ליב,
וואָס באַגעגן אויפֿן וועג;
דאָך, דער וועג זיך ווייטער ציט
און נאָך ווייטער, איז אַ שטעג.

טרעף איך אָן, וואָס טרעף אַלץ אָן,
וואָס אַזוינס, מיין אויג פאַרמיידט —
נאָר, דער איין זייט טראָטואַר
פירט אויך צו אַ צווייטער זייט.

שלענגלט זיך אַ זיגזאַג-וועג,
קריכטביים טריט און נאָכן טריט;
קירעווע זיך, ווי עס איז —
נאָר, דער ווייטערער וועג היט...

## אָן וועמענס הילף

אָן וועמענס הילף וועט זיך לינדערן,
וואָס פּייניקונג ציט?
און לייטערן און אויפהייטערן,
ווי גינגאָלד מיין ליד...

און וועמענס ליד וועט אויפמונטערן,
וואָס גאַליקייט שלאָגט?
און קרעפּטיקן און דערמוטיקן,
דערפרישונג, וואָס טראָגט...

## ביי וועמען און מיר

ביי וועמען די וועלט איז צו־קליין,
פאַר מיר איז די וועלט גענוג גרויס;
כ׳קען שפּאַנען, אַרומגיין צו־פוס
אויף יאָרן און יאָרן אַרויס.

ביי וועמען דאָס לעבן איז קורץ,
פאַר מיר קען געדויערן עס לאַנג;
כ׳קען פלעכטן אַרום דעם אַ שטריק,
וועט פריער צעברעכן דעם שטאַנג.

ביי וועמען דער טויט איז אַ פּיין,
פאַר מיר איז ניט שרעקנדיק דער גרוב;
מיין גאַנצער פאַרמעג קען אַריין,
ניט שווער זיך צעשיידן פון „האָב“...

## פון נאָנט ביז ווייט

פון אויג אַזוי דער אָנבליק,
פון האַרץ אַזוי די רייד;
ווי גוטע שלוחים שיק
די וועלט פון נאָנט ביז ווייט...

אין אויער אַזוי דאָס געהער,
וואָס טראָגט זיך ווייט פון אים;
און פון איר אַזוי דאָס באַגער
אין אויער קלינגט אַ שטים...

און בריוועלאַך פון ווי ווייט
מיר קלינגען האַרציק שטיל;
און לויטערער קלינגט די פרייד
פון נשמה דאָס געפיל...

## זיי מיר דער שלייפשטיין

זיי מיר דער שלייפשטיין,
איך וועל זיין דער שיין —
זיי מיר דער באַשייד,
איך וועל זיין דער טרוים —
איידער פאַרטיק ס'קלייד
פון איך שוין דעם זוים,
וואָס נאָך ניט געוועזן,
פאַראויס קענען זען...

זיי מיר נאָך, דער פאָרם,
זע איך אויף שפּיץ-טורם;
העכער אין דער הייך
שטייט דער טאָג אויף פרי —
פאָרעם אַלץ גלייך,
גיט אַלץ אַ צעבלי,
שאַרף נאָר אויס, אויף בלאַנק,
וואָס אין מיין געדאַנק...

## וועלכן שיין זוכסט

פאַראויס מיט די הענט
זוכט דער בלינדער — שיין;
צי דעם שיין ביימאָג,
צי דעם שיין ביינאַכט,
בלינדער, בלינדער זאָג:
וועלכן שיין דו זוכסט?

זוכט די בלינדע נאַכט,
זוכט אַרום דעם שיין,

צי דעם שיין פֿון טאָג,
צי אַן אַנדערן שיין;
בלינדע נאַכט, מיר זאָג:
וועלכן שיין דו זוכסט

זוכט מיין ביינקענד האַרץ,
זוכט אַרום דעם שיין;
צי אַ פֿרעמדן שיין,
צי אַן אייגענעם שיין;
ביינקענד האַרץ, מיר זאָג:
וועלכן שיין דו זוכסט?

## אויף אַ שפּעטערן טאָג

דאַכט זיך אַזוי — אָט גרוי, אָט בלוי,
אָט ווייס, אָט שוואַרץ, גייט דורך מיין האַרץ
אַ טאָג מיט אַ נאַכט —
אָ, ווידער־שיין, באַמאָל מיין פּיין —
און ווייטער איך טראַכט:
די מאָרגן־זון, קומט ווידער אָן
מיט בונטן־פאַרב און בינדט אַ גאַרב
מיט שטראַלן־געפֿלעכט;
אָ, צי צו העל מיין גוף און זעל
און ווייטער באַהעפֿט,
וואָס נאָר עס פּאַסט אין ראַם געפּאַסט,
אין גאָלד געשמידט און אָפּגעהיט
דעם שיין, וואָס איך טראָג
צום יום־טוב גרייט, וואָס אַלץ באַנייט,
אויף שפּעטערן טאָג.

## אין טיפֿן ווילן

אין שעה פון טיפן ווילן,
שאַ! קוים אַן אויער צו הערן;
גייט אויף אין האַרץ דעם שטילן,
די הייליקסטע באַגערן.

פלעכט דאָס געוועב פון טרוימען
די צאַרטעסטע פאַרלאַנגען;
פאַרפוצונגען באַזוימען,
וואָס נאָך אין שלייער פאַרהאַנגען.

באַלד קלינגען מיר אַנטקעגן
דער נשמה׳ס נייע געבערן;
און העכער אַלץ זיך רעגן,
וואָס זאַפטיקער זיך נערן.

## אין טיפֿן טראַכטן

כ׳וויל שלאָפן מיט אָפענע אויערן
און הערן דעם חלום —
און וואַכן מיט אויגן פאַרמאַכטע
און האָרכן דאָס טראַכטן.

דורכזיכטיק, דין איז דאָס אויגן-דעקל,
איך וויל דאָס פאַרשטעלן;
די הענט, ווי פאַר בענטש-ליכט זיך שפרייטן —
אַריבער מיין שטערן.

שאַ, שטיל אַזוי, איך הער מיין נשמה
פון טיפעניש זיך עפנט;
און צינדט זיך אין ליכט פון געבורט-שיין,
פון טונקל זיך לייטערט.

## אין געדאַנק

אַלע חושים אין געדאַנק
האָרכן אויף;
ווי דער אָנבליק פון דער ערד
צו דער זון אַרויף.

ווי עס שלייכט אַדורך דער טריט
אויפן טאָג;
ווי דער בליק צום טורעם־שפּיץ
פריער פון שטאַפּל כ׳טראָג.

ווי אַ שפּריי רעגן זיך שפּרייט
דער געדאַנק;
אַלע חושים קומען אויף,
ווי נאָך אַ שלאָף־געטראַנק...

## מיין רייך

אונטערן בוזעם דאָס בוך,
צי גאָר אונטערן אָרעם;
טראָג איך מיין „רייך" אויף דער וועלט —
און מיר דאַכט, איך בין אָרים.

ווייז איך ניט יעדן דאָס בוך,
ווערטלאָז איז עס ליאַדע ווּעמען;
שעץ איך אַליין אָפּ מיין האָב —
הימל און ערד ניט פאַרשעמען.

אונטערן בוזעם דאָס בוך,
נישט דאָס אַסיגנאַציעס זייגען;
און מיין פאַרמעגן, וואָס היט,
סיי ווי סיי וועט אַרויסשיינען.

# מיין מאָרגן-ליד

נאָך דער שפּעטער נאַכט
שיינט אַריין גאָר פרי;
ווער אַם פריערסטן טראַכט,
שיינט אַרוים די מי.

אויפן שוואַרץ — ערשט גרוי
פאַרבט זיך דאָס געמאָל;
הימלט זיך ביז בלוי,
העלער וואָס אַמאָל.

בלוי און העל געשפּין,
שטראַל-געפלעכט אין שיין;
אין אַ לויטערן זין
מאָל מיר פינזעל מיין.

טוט זיך אָן די וועלט
גאָר נישט אין איין צייט;
גאָלד און בלוי געהעלט
און אויך גרוי געקליידט.

עפּעס, ווער פאַר׳מיאוס׳ט
ס׳שיינע אין דער מיט;
נאָר, די זון מיך גריסט
מיט מיין מאָרגן-ליד.

## פרימאָרגן

1

פויגל-געסווישטש אין פרימאָרגן,
קלינגען אין וועג אין באַגלייט;
וואָס אין געזאַנג איז פאַרבאָרגן
טראָגן די פליגל אַ פרייד.

קלינגט דאָס געסווישטש אין דער לופטן,
פרייד אינם פויגל-געפלי;
וואָס איז נאָך פריש אין די דופטן
זינגען די פייגל גאַנץ פרי.

ניי איז דער טאָג ערשט געוואָרן,
פריש אויך מיין לעבן באַזעלט;
וואָס אין געדאַנק ווערט געבוירן —
זינג איך מיר אויס, פאַר דער וועלט.

2

זון אין אַ שטראַלנדיקן מאַנטל
שיינט ביז אַראָפּ אויף דער ערד;
יעדערער שטראַל אַ בריליאַנטל,
ווער קען אָפּשאַצן דעם ווערט?

זון אין אַ בריליאַנטענעם שלייער
שיינט מיר אַריין אין געזיכט;
וויפיל די וועלט איז מיר טייער —
צינד איך אָן פאַקל און ליכט.

זון אין אַ שטראַלנדיקן מאַנטל,
יעדער שטראַל — ס'לעבן באַהעלט;
יעדער איר בליאַסק אַ בריליאַנטל,
זינג איך מיר אויס, פאַר דער וועלט.

# בערג און טאָלן

לאָמיר זיך שפּילן מיט בערג און מיט טאָלן,
העכער דער באַרג איז, ווען איך שטיי פון ווייטן;
טוט ער — אַ קאַרליק און טאָל — מיך אויסמאָלן,
איך — ווי אַ ריז אויף זיין קאַרק זעצט זיך רייטן.

שטייט זיך דער באַרג אויף איין אָרט, ניט צו רירן,
איך ביזן הימל, קען ווייטער נאָך שוועבן;
ביז טו די פאַנטאַסטישע פליגל פאַרלירן,
טו איך מיר נידערן אין טאָל דערנעבן.

שטעקט באַרג פון דער ערד אַרויס, ווי אַ הויקער,
האָט ניט קיין אויגן צום מאָל ביי די זייטן;
שפּילט דער ווינט אויפן באַרג, צי פויקט ווי אַ פויקער—
שוועב איך אַריבער אַפילו פון ווייטן.

## יוגנטלאַכקייט

טאַנץ און געפלאַטער אין לופטן,
שפּילט אין דערינען אַ פרייד;
הענט אין געפלעכט, ביז די היפטן,
פיס אין געטאַנץ, זיך געדרייט.

ברוסט צו אַ ברוסט זיך געטוליעט,
האַרץ צו האַרץ, אַזוי נאָנט;
וואָס מיט די גלידער געהוליעט,
דאָס אין די בלוטן עס מאָנט.

זינגט זיך פון רויזן און בונטן,
וואָס, פונם טייערן באַקרוינט;
און וואָס אין נשמה, דעם נאָנטן,
ווערט, מיט דער ליבע, באַלוינט.

# אילוזיעס

אילוזיעס, וואָס האָט זיך געדאַכטן
און ספינקס, וואָס האָט זיך געמאָלן;
איז מער נישט — אַן אַנונג געבליבן,
אַמאָל, אַזוי צו ווידערהאָלן.

ווען קומען דען פריער די חלומות,
וואָס נישט זיך אין שאָטן געטראָפן?
די נאַכט, לאָזט אַראָפּ זיך אַ פאָרהאַנג,
מאַכט טונקל, אַזוי ווי צו שלאָפן...

פון ווייטן עס האָט אויסגעזען,
די לבנה, זי שיינט זיך פאַרן ליגן;
פון אונטן אַרויף האָט געשטרעקט זיך
אַ בוים אָפּגעהאַקט מיט שפּיץ-צווייגן.

דריי-אייניקייט האָט זיך געדאַכטן,
גלייך וויפיל דער בוים געהאַט צווייגן;
ווי ליימענע גולמ׳ס געשטאַנען,
מיר דאַכט זיך, איך הער זיי נאָך שווייגן...

געצויגן האָט נאָך אַ בייז וואונדער,
וואָס האָט זיך געשטרעקט פון די טאָלן;
אַ קירך אָפּגעברענט איז געשטאַנען,
וואָס האָט פאַר אַ ספינקס זיך געמאָלן?...

# וויפיל לעבנס

וויפיל לעבנס זיך ציען
אַריין, וואָס איז ליב?
צי יונגקייט און גרינגקייט,
אַרויס, וואָס איז טריב.

שוועב רואיקייט און פרישקייט,
אַריין, וואָס איז ניי;
און וואָס איז פאַרגאַנגען —
ווער ציט זיך פאַרביי?

וואָס ניי איז געמאָלן,
אַ שיינקייט דערפרישט;
דער שטויב פונם מעבל,
אַרונטער געווישט.

די פענסטער באַלויכטן
אין שאָטן און שיין;
און טירן, ווי ברייטע —
ווער ציט זיך אַריין?

ווער וואוינט אין גערוימקייט,
אַ פּאַלאַץ דאָס הויז?
אוי, שווער איז דאָס ענגקייט —
ווער ציט זיך אַרויס?

די ווענט ביזן סופית,
דער דיל ביזן שוועל;
וואָס טונקעלער שאָטנט —
פאַראומעט די זעל.

וויפיל לעבנס זיך ציען,
אַרויס, וואָס איז טריב?
נאָר, וואו עס איז נייקייט —
באַנייאונג איז ליב...

## אומענדלאַך

גרויס איז דאָס האָפן,
אומענדלאַך דער ציל;
נאָר, איידער דערגרייכסט —
פאַרלויפט אַזוי פיל.

אַט דאַכט זיך דיר אויס,
דו גרייכסט מיט דער האַנט;
קערט איבער הער דנאָ,
צום באָדעם דעם ראַנד.

אַט דאַכט זיך דיר אויס,
דו גרייכסט שוין ווי ס'איז;
פאַרשווינדט דער באָדן
פון אונטער די פיס.

גרויס איז דאָס האָפן,
אומענדלאַך דער שיין;
פאַרלירסטו זיך גאָר —
באַלד האָפסטו נאָך מיין.

## די קרוין פון קאָפּ

אַלצדינג איז מיר ליב,
אין מיין שטובן-שטאַנד;
פון טיש ביז אַ שטול,
און נאָנט איז די וואַנט.

נעבן מיר אין זייט
האָט דער בעזים אַן אָרט;
און פאַר יעדער זאַך
פאַראַן אַ שופלאָד.

דאָס בעט צוגעבעט,
שלאָף ביינאַכט דערין;
שאָטנדיק פאַרהילט,
פענסטער מיט גאַרדין.

חלום איך ביי טאָג
פון אַ רואיקע שעה;
לעג איך זיך אַן מיד,
אויף דער זאָפע רו.

נאָר, די ספרים-שאַנק
שטייט זיך אויבן-אָן;
ווי די קרוין פון קאָפּ —
די שטוב אָנגעטאָן.

## ווי עס שפּאַרט

דאָס אָנזען זיך, מיט אַ שיין,
דאָס אָננעמען זיך, מיט אַ פּיין;
דאָס רעגונג וואַקסט מיט אין געדאַנק,
דער שוואונג און הער בויג און דער קלאַנג.

האָס אָנפּאַרטרויען, וואָס איך געפין,
דאָס אָנשפּיגלען זיך, וואו איך בין;
איז לויט מיין סביבה און היים,
מיין ליד, אַזוי קלינגט מיטן ריים.

צעוואַרעמט דאָס האַרץ זיך, מיר העל,
צעפלאַמט זיך דאָס וואָרט, אין מיין זעל;
און לויט מיין געמיט, זיך באַרוט
דאָס רעגונג, עס פליסט מיטן בלוט.

און ווערטער, ווי קליין און ווי גרויס,
זיי וואַקסן אינאיינעם זיך אויס;
און ווערטער, ווי ווייך און ווי האַרט,
זיי קומען אַרויס, ווי עס שפּאַרט...

## ביז אַ ניי ליד

ביז אַ נייע ליד איך זינג,
זינג איך איבער מיין אַלט ליד;
ווען דעם נייעם קלאַנג איך שמיד,
פיל איך, ווי פון אַלט, ווער יונג.

ביז דער נייער פרילינג בליט,
פונם אַלטן שפּייכלער לעב;
ביז דאָס נייע קלייד איך וועב,
ס'אַלטע — פון פאַרקילונג היט.

## באַשיינפּערלאַך

באַשיינפּערלאַך גייט אויף
דאָס וואונדער, און איך שטוין;
און גאַרב און פלעכט צענויף,
פון בלומען-קרענץ, אַ קרוין.

דאָס פעלד אין אָטעם דופט,
מיט קאָסע-קלאַנג געשטאָלט;
אַ האָרן שאַלט און רופט,
דער רוף, זיך ווידערהאָלט.

ווער דינט, ווער דינט פאַר לוין,
וואָס שמעקט מיט גאַרב און פעלד?
ניט מלכות'דיקע קרוין,
מאַכט ס'מינדסטע רייך מיין וועלט.

וואָס הייליקייט, דאָ רוט,
נאָך שאַפנדיקע פרייד;
ניט קייזערלאַכע בלוט,
און מלכות'דיקן קלייד.

מיט גאָלדן ליכט באַפוצט,
שיינט אויף די זון גאַנץ פרי;
און ווען מיין קרוין באַנוצט,
דעם דינט אַליין זיין מי.

## מיין רויטע לעמפּל

מיין רויטע, עלעקטרישע לעמפּל,
דאָס צינדט זיך אַזוי, ווי איך לייען;
פון בוך, די שוואַרץ-ווייסע אותיות,
באַלויכט עס מיט רויטלאַכן שיין.

דאָס צינדט זיך דער פלאַם אין די ווערטער,
אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, צינדט שוין אָן;
און רויט ווערט אַ שורה נאָך שורה,
ביז ציט זיך אַ רויט בלאַט, אַ פאָן.

דאָס לויכט זיך, דער פלאַם אין די הערצער,
דאָס שפּרייט זיך, די פאָן פון דער וועלט;
אַ בלאַט נאָך אַ בלאַט, איז אָן גרענעץ,
דער טאָוול, צום ענד בלויז פאַרשטעלט.

## ווער פאַררייסט דעם קאָפּ

דאָס יונגערע און גרינגערע,
שווימט זיך אויבן אויף;
דאָס ביטערע און גאַליקע —
שטעלט זיך אָפּ צום סוף.

וואָס מידער דער רודערער,
נישט באַגליקט אין וועג;
וואָס גרויקייט און וואָס טרויעריקייט
הויערן אויף די טעג.

און בויערער און מויערער,
ווער פאַררייסט דעם קאָפּ?
דער מייסטערער און פיינסטערער,
פאַלט צום ענד אַראָפּ...

# ביליקע מענטשן

ביליקע מענטשן,
פאַרביליקן אַליין;
ווער איז זיי טייער —
און נים דערווידער זיין?

ווער איז דען טייער,
מיט גאָלד זיך נישט פאַרבייט;
אוי, די סביבה!
אין אַ געראַנגל גייט?

שטאַרק איז אַ פעלזן,
ניט קיין אָנלען באַדאַרפט;
שטורם און שלאַקס-רעגן
דעם שפיץ-פעלז נאָך פאַרשאַרפט.

שטאַרק איז אַ פעלזן,
נאָר גיט זיך קיין באַוועג;
ווּעמענס זיך מיען —
קערט דערנער אָפּ פון וועג?

וועמענס גבורה,
זיך שטיצט אויף זיין פאַרשטאַנד?
און אויף קיין פעסטונג,
וואָס ברײנגט קריג אויפן לאַנד.

אוי, די סביבה
ווי פאַרמיידט מען מיין שוועל
ביליקע מענטשן —
פאַרשאַכערן די זעל...

# וואָס נעכטן זיך געגאַרט

וואָס נעכטן זיך געגאַרט,
ווער קלוגער אפשר הײַנט?
און מאָרגן, וואָס פאַרראַט —
קריגט איבערמאָרגן פײַנט.

ציט זיך, דער קאַמף, זיך ציט
ביז גרויען וויסטן נויט;
און ווער באַגעגנט ניט
דערשלאָגענעם צום טויט?

און וועמענס פאַלש געבעט
דור־דורות, בענטשט דעם קנוט?
פאַרזעעניש — פאַרזעט —
פאַרזעעניש איז גוט...

און וועמענס פאַלש געבעט,
דור־דורות בענטשט דעם יאָך?
דעם טויטן אפשר זעט,
וואָס קומט צו חלום נאָך.

נאָר, שלעכטס אַליין זיך דראָט
און וועכטער אָנגעשטעלט;
און פײַן און שטראָף פון גאָט —
זיך אויסגעטראַכט דער וועלט.

אַזאַ׳ס, אַזוינעם לוינט —
און וועלכער אָפּפער ווייס?
וואָסער אָפּגאָט דען שוינט,
אין רעכטפערטיקן בייז?

און װעמענס פאַלש געבעט,
נאָך איבערבעטן נײַט ?
דעם גאַלגען, שוין פאַרשפּעט,
אַ װידערשפּעניקײט.

נאָר, שלעכטס זיך ניט דערקענט
און שװאַרצע ליכט נאָך שײַנט ;
אין טויטן-קאַמער ברענט :
דער װעלט׳ס געװיסן הײַנט.

אָ, װעמענס זינד באַשערט,
פאַר מאַרטירער׳ס געדולד ?
דער תליון, אַז ער װערט :
אַ הײליקע אומשולד.

נאָר, נעכטן — װאָס געשײדט —
איז הײַנט אַ נײַ געבורט ;
און מאָרגן, מאָרגן גרײט,
אויף איבערמאָרגן שפּאָרט.

דור-דורות קאַמף און נויט,
װאָס צאָרן פלאַקערט אויף !
און יעדער קנוט און קנויט —
פאַרטשאַדעט זיך, צום סוף...

## אָפּנויג

אָפּנויג און אָפּבויג,
אָפּקערונג אין זײַט ;
דאָס מײַדט נישט אויס ס׳אויג,
דער שטורם אין צײַט.

באוואָרט נישט די האַנט,
די טריט פון די פיס;
באוואָרנט די וואַנט,
וואו אומגעבויגט איז.

דער אומבויג פון פלויט,
געפאַר דראָט דעם צאַם;
דער אָפּבויג פון קנויט,
מאַכט קאַליע דעם פלאַם.

ווער, פלאַם אריינוואַרפט
אין קנויט, וואָס זיך צינדט?
אָפּשניצלאַך פאַרשאַרפט,
טראָגט פליגל דער ווינט.

ווער וואָלט גלייך געשטעלט,
דאָס קרומע, וואָס כ'טראַכט —
אַ קוליע פאַר דער וועלט
וואָלט שטורם געמאַכט.

וואָלט שטורם געגרייכט,
וואו וועלט האָט אַן עק;
און וואָלט אויסגעגלייכט,
וואָס בויגט זיך אַוועק.

און דאָרן, וואָס שטעכט,
אין גאַנצן אַרויס —
נאָר, דונער צעברעכט
און וואָרצלט אים אויס.

## פון אויבן אָן

אין אַן אומרואיקער וועלט,
וואָס וואַרפט זיך נישט אויף?
אַזש אַן אומפּלייט פאַרקריכט זיך,
גאָר אויבן אַרויף.

און פון אויבן, אויבן אויף,
וואָס זשאַווער פאַרראָסט;
גלייכגילטיקייט — אומווירדיקט,
פאַרוואָרלאָזט, זיך לאָזט.

ווער, פאַראומרייניקט, פאַרפּייניקט,
פאַרגליווערט די נויט
און פון אויבן, אויבן אויף,
וואָס שימל און קויט.

ווער, פאַרקרעמפּלט און פאַרדרייט,
וואָס ליגנט זיך טוט?
און פון אויבן, אויבן אָן,
וועם איז אַזוי גוט?...

## ס'האָט היינט מיין געדאַנק

ס'האָט היינט מיין געדאַנק קיין זאַך נישט פאַרנומען,
געלאָזט אַלץ אין ווילדן אויפברויזן;
אַ פּלאַם אין דער וועלט אין פּנים געוואָרפן
און אַלץ אָנגעלאָדנט צום בייזן.

ווער איז נישט געווען אין צאָרן מיטגעריסן
פון אַלע אָפּגעטער פון וועלטן?

און יעדער אָפּגאָט האָט דאָך זיין מכשף,
וואָס שטעלט זיך דאָ בענטשן און שעלטן . . .

און יעדער קען דאָך דעם מכשף, וואָס כישופ׳ט,
באַצויבערט די וועלט אויף בייז־וואונדער;
האָט געצקעס אַ סך צוזאַמען גענומען,
ווי שפּילן מיט פּופּעס די קינדער.

נאָר, ווער האָט זיי דאָרט צוזאַמען געפּלאַקערט,
וואָס, דען ניט פון זיי אויסגעשטאַנען?
האָט מכשף געדאַכט, עס ברענט זיך בראַנדאָפּפער
און אונטערגעשמירט די בראָט־פּאַנען.

נאָר, ס׳האָט ניט געשמעקט דעם מכשף ס׳געבראָטן,
פאַר זינד, וואָס געוואוינט צו פאַרגעבן;
געזאָגט האָט אַ שפּרוך — די הייליקע אַשעס,
קען צויבערדיק שטעקעלע אויפלעבן.

און צויבער פאַרבלענדט די האַנט פון מכשף,
די אויגן פאַרגאַפּט אין איין גלאָצן —
נאָר, ווער האָט עס דאָרט די צלמים און גלאָקן
געשליידערט אַוועק מיט די געטצען?...

האָט צאָרן פאַרשפּאָט דעם נאַרישן מכשף,
מיט לויבער און גלויבער צוזאַמען;
און געצקעס אַ באַרג, צוזאַמען געפּלאַקערט,
מיט צויבערדיק־שטעקעלע אין פלאַמען . . .

# מילבנדיק לעבן

מילבנדיק לעבן צעקראַכן,
ביז אין די קנאַכן צעבראַכן,
קרישלען זיך קרוכלע אויף שטיקלאַך,
בינדן באַנדאַזשן און שטריקלאַך,
ביז וואַנען די קאַפּעטעס אויסציען,
ווער האָט דען פליגל צו פליען?

מילבנדיק לעבן צעקראַכן,
וואַכן נאַך וואַכן פאַריאַכן,
ביסקל ווערט שטייף אויסגעצויגן,
נאַקן און רוקן זיך בויגן,
ווער האָט דען קראַפט צו פאַרלענדן,
וואָס בייז, די אויגן אָפּווענדן?

מילבנדיק לעבן דערעסן,
מילביק, פאַרלעגן, צעפרעסן,
ברענען די נויטן און גלוטן,
וויפיל די וואונדן פאַרבלוטן —
ווער האָט דעם מוט נישט פאַרלוירן,
דעם האָט דער קאַמף ניי-געבוירן.

## ווי קליין איך ווער

אָ, פון אַזוי פיל האַוועניִשן,
קיין אָרט געפין;
און קליין איך ווער, וואו כ׳וועל זיך פאַרמישן,
מישט זיך אין זין —

אָ, הינטער וויפיל שאָטנס זיך פאַרפלאָנטערט,
מיין גאַנץ געביין?
ווי קליין איך ווער און מיט וואָס זיך פאַרהאַמפּערט,
פאַרבלייכט מיין שיין —

אין וועלט׳ס כאַאָס, ווער פיינערט זיך אויס זיטלאַך,
וואָס פאַלשקייט שטייגט?
צי קימערט זיך דער, וואָס זיצט זיך געמיטלאַך
די פיס פאַרלייגט?...

וועם׳ס פוילער געניץ, גראָב, גרעבצט איבער
דיין פיין און נויט?
צי איז דען ניט די ווילדסטע טיר, ליבער,
וואָס צילסט צום טויט?...

## אַלדאָס שטרויכלונג

פון די אוצרות קורח׳ס רייך —
לאָזט די ברכה זיך אויס;
און ביז מינדסטן אָרעמסטן
שרייט אַ קללה אַרויס.

נאָר, ווער קען אויסגלייכן גאָר,
אַלדאָס שטרויכלונג אָפּטאָן?
און די קללה זאָל אויסגיין —
ווען די ברכה הייבסט אָן.

# מיר און דיר

וואָס איילסטו, וואָס איז דאָס געאייל?
וואָס ציילסטו, וואָס צייל איך דערווייל?
איך צייל אַפּ מיין פיין אויף דער שטונד,
דאָס היילונג קומט ערשט נאָך דער וואונד...

וואָס צילסטו, וואָס איז פאַר אַ ציל?
וואָס שפּילסטו, מיט פיין פאַר אַ שפּיל?
איך חלום בלויז אַפּ אויף אַ צייט,
דער חלום, איז פריער פון באַשייד..

# אַפּגרונטן

צווישן ברענענדיקן האַס,
פלאַקערן די פלאַמען;
קאָכן וויסטע אַפּגרונטן,
ברונעמס צו פאַר׳סמ׳ען.

מישט דער פיינט פאַרגיפטיקונג,
ווירויך צום פאַרטשאַדן;
אויף אַזוינע אַפּגרונטן,
ווער מאַכט באַריקאַדן?

העצט דער פיינט צו פליגדערן,
רייצט אויף אַלע גלוסטן;
ראַיעט זיך אַן עיפּוש׳קייט —
ברענען, ברענען מיסטן.

פויקט דער פיינט פאַרטומלעניש,
וואו די גויטן בלוטן;
נאָר, בלוט און בליץ-אַפּלייטערס —
שטורעמס נישט פאַרהיטן..

# טומל

ביזן פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל
דעם טומל איך הער;
זאָל איך אַרום זיך פֿאַרמאַכן?
די לופֿט, איז מיר שווער.

שטייגט דאָך איבער די אויערן,
גרייכט איבער די ווענט;
שפּאַרט זיך אַריין אין אַ שפּאַרע,
די לופֿט זיך צעברענט.

ווענען, וויל ווער איבערשרייען?
וואָס טומל זיך שפּרייט;
קען דאָך אַ קראַנק קינד דערשרעקן,
יעטווידער, וואָס שרייט.

ווייטער, וואו זאָלסט נישט פֿאַרמאַכן,
ס'געוויש אַרום דיר;
קען דאָך אַ פֿאַרוואָגלטן טרעפֿן,
אַ פֿאַרשלאָסענע טיר...

# ביים ראָג גאַס

דעם שטילן און רוישיקן וועג,
זיך טרעפֿן צוזאַמען ביים ראָג;
ווען טרעפֿסטו דאָרט שטיין, ווי פֿאַרווירט?
און וועם גיט דער ווינט אַ פֿאַרטראָג?

גאָר, ווער אויף ראָג גאַס, וואָס קומט צו,
ווערט באַנג פֿון אַהין און אַהער;
דער זייט אַ גערויש, הער זייט שטיל,
איז דאַכט זיך אויף יעדער זייט שווער.

## וועמענס רייד

וועמענס רייד אויסגעמיטן
האָב איך נעכטן?
און וואָס היינט אַנגעטראָפן
אין דערשטוינונג —

נאָר, די שוועל, וואָס אויסווייכן
וועל ערשט מאָרגן;
וועכט די נאַכט שוין חלומות
פון אָפגרונטן —

ווער ווייס, וואָס אַנגעוואוירן
אין אַנטוישונג?
און וויפיל שטרויכלונגען
נאָך פאַראַנען?

איז מיר ס'האַרץ אָפּגעלאָזן
פון פאַרשעמונג —
נאָר, מיין בליק פון דערנידערונג
אויפגעהויבן...

און וואָס זאָל נישט נאָך דרויען
איבער מאָרגן?
כ'גיי, די פרייד אומגעריכטע
באַגעגענען...

## וואוהין

וואוהין און פון וואַנען?
מיר זיינען פאַרקראָכן;
צי זיינען די וועגן
און בריקן צעבראָכן?

ווער לויערט פון הינטן,
וואָס טוט ווער נאָכשפּירן;
צי ווילן די שליאַכן
אין זומפּן פאַרפירן?

וואו זיינען די מענטשן,
נו, לאָמיר זיי פרעגן
אַ קינד, ווי אַ זקן,
פאַרקריכט אויף די וועגן.

אויף וועם זיך פאַרלאָזן?
ניט יעדן קענסט טרויען —
נאָר די, וואָס זיי העלפן,
אַליין אויפסניי בויען.

## מיין האַרץ ניט פאַרשטעלט

מיין האַרץ, ניט פאַרשטעלט,
וואָס טיף דערין שטייגט;
ווען פרייט זיך און קוועלט,
ס׳געזיכט־ציגע צייגט.

אין פרייד פונם ליכט,
מיין אויג גיט אַ שיין;
אין קנייטש פון געזיכט,
צעלייגט זיך אַ פּיין.

און וויפיל מיך וועקט,
דער חלום אין שלאָף?
און וויפיל אַנטפלעקט,
די נשמה פון גוף?

וואָס קוועלט און וואָס פרייט,
מיין האַרץ איז דערביי;
און ווער זיך צעשיידט —
איך בייַנק שוין אויפסניי.

## גייט אויף

דער טאָג, ווי אַ נייער געדאַנק,
שפּראָצט אויף באַגינען;
גייט אויף, מיט דער פאַרב און מיט קלאַנג,
לויטער אין זינען.

שיינט פריער דער טאָג, אויף שפּיץ-טורעם,
איידער גרייכט אונטן;
גייט אויף דער געדאַנק, ווי אַ שטורעם,
העכער פון ווינטן.

פאַרשפּרייט זיך אַ נעבלדיק גרוי,
הילט איין פאַרבאָרגן;
גייט אויף דער געדאַנק, ווי דער טוי,
שטיל אין פרימאָרגן.

מאָלט זיך דער געדאַנק אַזוי ווייט,
פאַרטאָג׳ס אין זינען;
און ביז אין גערויש זיך פאַרגייט —
וואָס זיך געשפּינען.

## טרעפט זיך אַמאָל

טרעפט זיך אַמאָל, אַזוי שוירעק איז,
דרויסן אַ רעגנדל גיסט;
און די באַן איבער שטאָק, איבער שטיין,
יאָגט אַזוי אָומעטיק וויסט.

פעלדער און וועלדער פאַרוואַקסענע,
שטאַמען פון ווילדערניש אַליין;
דערצו דער הימל אַ בלייערנער,
שפּרייט אַזאַ אומעטיקן פּיין.

טרעפט זיך דאָס לעבן, ווי שוירעק איז,
נאָר, בלויז אין נשמה עס גליט;
צינדט זיך אויף ליכטיקע האָריזאָנטן,
ווייט, וואו אַ פאַס שיין זיך ציט.

## דאַכט זיך גייט שיינען

דאַכט זיך, דער הימל גייט שיינען,
קומט נאָר אַ וואָלקן אַ טריבער;
אַנדערשוואו, אָבער, דער הימל
שיינט דאָך אַרונטער אַ ליבער.

נאַרט מיך נישט אָפּ, נאָר מיין וועלטל,
טרינקט זיך די ערד אָן, מיט רעגן;
טוט מיך די זון ניט אַנטוישן,
ערגעץ זי שיינט, אויף די וועגן.

נאַרט מיך בלויז אָפּ, נאָר דאָס לעבן,
פאַלשע צוזאָגן באַרופן;
בלייבט נאָך אין האַרץ, נישט געגאַרטעס,
לאָזט איך אַ שיין, פאַר מיר אָפן...

# אין טאָג פון באַלוינונג

דער טאָג פון באַלוינונג,
ווי וועט ער מיר קלינגען;
פאַר גאָלד און פאַר זילבער
איך וועל מיר ניט זינגען.

איך וועל פאַר רובינען
אַנטקעגן ניט גייען;
מיט דימענט און פערל
איך וועל זיך ניט פרייען.

וואָס דאַרף איך זיי האָבן,
מען זאָל ניט פאַרגינען;
אין קנאה פאַרבאָרגן
טרעפט בייזעס אין זינען.

עס ליגט אויך אַ רשעות
אין אוצרות פאַרבאָרגן;
דו קענסט ניט געטרויען
דעם שיין פונם מאָרגן.

איך וועל מיר בלויז זינגען,
די פרייד, וואָס וועט געבן;
דער טאָג פון באַלוינונג
פאַר אַלעמענם לעבן.

## מיין האָב

מיין אָרים, ביסל האָב,
דאָס זיינען לידער בלויז,
מיין מוזע׳ס אַ געשאַנק —
און וועמען איך געדענק,
די לידע׳ר ווייטער שענק,
וואָס שיינען אין געדאַנק,
און ספרים־שראַנק אין הויז,
וואָס טויג נישט פאַר קיין גאָב.

מיין אָרים, ביסל האָב,
ליגט אָפן אין מיין שאַנק,
אַזוי מיין האָב איך היט,
אַזוי ביז גאַר איך פלעג,
דאָס גייסטיקע פאַרמעג —
און זאַמל ליד נאָך ליד,
וואָס וועבט זיך אין געדאַנק
און טויג נישט, פאַר קיין גאָב.

## ווער

ווער קומט מיר אומגעריכט ?
די אומבאַשטימטע שעה ;
פאַרטראַכט אין זיך אַליין,
מיין נשמה האָרכט זיך צו.

ווער גייט די שטילסטע טריט ?
ווי שטיל דע׳ר טרוים זיך פלעכט ;
מיט זיך אַליין פאַרטראַכט,
אינאיינעם זיך באַהעפט.

ווער גרינג אַזוי זיך שוועבט?
אין שטימונג אַזוי שטיל;
פאַרטראַכט אין זיך אַליין,
אין צאַרטענסטן געפיל.

ווער שאַרפט אַזוי דעם קלאַנג?
וואָס שפיגלט זיך אין זין;
און איך דער ערשטער הער,
מיין מוזע איך געפין.

## דאָס שפעטערע ליד

דאָס שפעטערע ליד,
איך וויים ניט —
צי ווייסט דען דער בוים?
וואָס פירות ער טראָגט,
וואָס צייטיק פריער ווערט,
וואָס שפעטער ווערט רייף,
ביז דער שטורם קומט אָן;
נאָר, דאָס האָט אַ שטראַל
געוואָרעמט דערוויל
דעם טוי, וואָס פאַרזוכט,
געצייטיקט די פרוכט —
נאָר, וואָס וועסטו טאָן?
מיט שאַרף און געשלייף,
די שפיז און די שווערד
און אַלץ, וואָס דערשלאָגט,
פון הויכן צום תהום,
דאָס ווי שמידט,
דאָס שפעטערע ליד?...

# ניו יאָרק

ניו יאָרק! דו טיטאַן!
פון דיין אויבער־מאַכט!
דו ריז! פון איבערוואוקס —
ווער, פאַרמעסט זיך, דיין פאַרגלייך?
וואו, דיין שפּיץ־פאַן פלאַטערט —
גרויס, און ברייט־ביינערדיקער ריז —
וואַקסט איבער שטאָק, איבער שטיין;
וועלכער איבער־מענטש
איז דיין אַרכיטעקט געווען?
האָט דיך אויסגעטראַכט:
באַנען איבער „סאַבוויים“,
„עלס“ איבער באַנען,
אויטאָס איבער „טראַקס“ —
הענגען דיינע בריקן,
שטאָל און שטיין געצעמענט,
שטאַנג און שטאַבעס געשרויפט,
דראָט אין דיק געפלעכט
און געשמידט און געפאָרמט
איינס איבערן אַנדערן;
בריקן איבער שיפן,
באַנען איבער בריקן,
וועגן איבער באַנען,
הענגען לופט־שלעסער אין דער הייך,
עראָפּלאַנען איבער דיין קאָפּ. —
גרילצט און פייפט,
הוזשעט און ברומט,
פאַבריקן און שיפן
און „באַרדזשעס“ און באַנען;

אין פלאַך, אין דער טיף,
און אין מיט, אין דער הייך —
וואַקסט דיין טיטאַנישער גוף,
אַ הערקולעס טראָגט דעם גלאָבוס
פון לאַנד. — — — —
ליגן איינגעוואָרצלט,
פונדאַמענטן אין דיין טיף;
און גרונט-שטיינער
אין טיפע ערד-שיכטן געלייגט —
שפּאַרן זיך וואַלקן-קראַצערס
אַרויף, אַרויף —
פעלז און גראַניט און קיזל-שטיין,
זאָלן זיך נאָר נישט איבערוועגן
און דיין נאַקן איבערברעכן. —
ציען זיך דיינע אונטער-ערדישע אָדערן,
ביז אונטער דער טיפעניש פון האָדסאָן,
קלאַפּט ערשט דיין אייזערנער קנאַפּל,
טיף, טיף אין דער ערד;
קאַנאַלן, טונעלן מיט סאָבוויים —
און אויף דער ערד,
הערט זיך דיין פולס-שלאָג,
פון דיין גאַנצן מעכאַניזם;
אָנגעצויגענע שלייפן,
דראָטענע נערוון,
שלאָגט דיין אייזן-האַרץ,
סאָפּעט מיט שטאָלענע לונגען,
פילט אוים, יעדעם פיצל ליידיקייט,
דיין אָטעם. — — —
בראַזג און טומל און רעש,

רוישט אַן אייביק געפּילדער
און שרייט איבער דיין גרויס. — — — —

ניו יאָרק! דו גיגאַנט!
איבער אַלע שטעט פון לאַנד —
ליגסט אויסגעשפּרייט, ווי אַ נעץ,
אַלץ איינצושלינגען;
יאָגט דיין אימפּעטיקער אומרו,
שלאָגט דיין פּולס,
מיטן צייט-ווייזער,
אויף דיין גברן׳דיקע האַנט —
שלאָגט דיין זייגער אויפן געלענק,
צווישן מוסקל און פויסט;
האַרט-ביייניק,
קלאַמערט און קלעמט,
נישט אויסצוקירעווען זיך,
פון דיין שפּור:
בלוט און קנוט —
נישט פאַרזען! נישט פאַרזאַמען!
רוט נישט דיין גיריקער בליק —
טויכט און צוקט זיך,
דיין גרויס גלאָזעדיק אויג,
מיט רויטע, גרינע פייערלאַך —
אויף דיין פּאַרקער,
אויף דיינע "טרעפיק„-וועגן —
לויערן געפאַר-סיגנאַלן,
דראָען פלאַמען-צונגען צו פאַרצוקן — — —
און וואָרפסט זיך אומגעלומפערט,
ווי דער ים-הונט
ציט זיין האַלדז אויס,

און ברעכט זיך אין אַלע זייטן
און לאָזט זיין אויסגעשריי אַרויס,
אין ווילדן פליאַסק. — —
דעכעט נישט אָפּ דיין אָטעם,
סקווערן, עוועניוס און גאַסן
און הינטער־געסלאַך און הינטער־וועגן,
שמאָל און קרום,
פאַרקרעמפּט און צעדרייט,
און שטיקסט דיך אין אייגן געדראַנג;
אין דיין אינגעווייד — — —
גרויען זיך שמאָלע שטיקלאַך הימל
אויפן טאָג —
וויפיל שטח־רוים
ס׳פאַרנעמט אַ גאַס,
וויפיל ס׳אויג זעט אַ שיין דורך אַ ליק —
און די נאַכט שפרייט זיך אויס,
שטיקלאַך־ווייז,
פאַסמעס־ווייז,
אויסגעהאנגען מיט שטערן,
איבער דיין ריזיקן געבוי — — —
שטייען דיינע קאַטעדראַלן,
מיט די פּאַליסאַדן צוגלייך,
צווישן זון און וואָלקן,
אין אייביקן דרימל;
ווי די געטער פון אָלימפּוס,
פון שטיין און צעמענט און מאַרמאָר
אויסגעהאַקט און געגאָסן —
הענגען שווער די גאַרדעראָבעס,
געקנייטשט און געפאַלבט,
מיט אַלערליי בראָנז־באַפּוצונגען

אויף דיינע שטאָלענע אַקסלען — —
נאָר, דין איז דיין קאָפּ,
ווי שפּיץ־טורעם —
ווי אַ קופּאָלן־קעפּל,
גרויס, ווי פון אַ קינד;
קוקסט אַראָפּ פון אויבן
און קענסט זיך נישט דערקענען
פון דיין הויכקייט. — —
פרעמד איז דיר דיין אייגענער באַשעפער —
זעסט נישט אין דיין מגושמ׳קייט,
וויפיל פּיין און נויט
אין דיין גרעב זיך מערט;
און שליידערסט און וואַרפסט אין אָפּגרונט —
זעסט נישט, דאָס ראַיען זיך אונטן,
דיינע איינוואוינער,
ווי מוראַשקעס — — —
און טרעטן איינס אויף ס׳אַנדערע — — —
דו גיגאַנט פון דער וועלט:
ניו יאָרק! ניו יאָרק!

## אַ זון און אַ היץ

אַ זון און אַ היץ!
דעמפּט אין דער לופט,
אָטעם און שוויים,
זידט ביזן פּיין;
שלאָגן אין געזיכט,
כוואַליעס פון היץ,
מיט זון, שטעכט דער קאָפּ.

אַ זון און אַ היץ!
שפּריצט אויס, „די שטאָט“, די גאַסן,

גרויס זיינען אירע רעזערוואַרן,
לאַנג זיינען אירע וואַסער־קאַנאַלן;
שפּריצן וואַסער־וואַגנס
אויף די וועגן;
שפּריצט, וואו ניט וואו, אַ וואַסער־רער,
אויפן גערטנדל, פאַרן הויז —
לעשן זיך אין שפּריץ,
גליענדיקע שטראַלן,
ווי די קין־העלצלאַך;
קילט זיך אַ ביסל דער פּיין,
אונטערן „טוש" פון שפּריץ.

אַ זון און אַ היץ!
טאַנצן אין וואַסער־געשפּריץ,
אָרעמע קינדערלאַך פון שטאָט,
הונדערטער קינדערלאַך פון גאַס;
קומען אָנצולויפן,
דערשוויצט און דעריאַכמעט,
ווייסע און שוואַרץ־הויטיקע,
האַלב־נאַקעטע, אין באָד־העמד,
פון זון אָפּגעברענט;
אַלע לעכצן זיי,
אַלעמען ברענט, די זון גלייך;
האָבן קיין קיל וואוינונג נישט,
פאָרן אויף וואַקאַציעס נישט.

אַ זון און אַ היץ!
טאַנצן אין וואַסער־געשפּריץ,
פריש־געצוואָגענע,
אָרעמע, גאַסן־קינדער;
קילן זיך, די קינדערשע לייבער.

קוויקן זיך, די קינדערשע הערצער,
נעמען זיך אַן הענטלאַך,
שפּרינגען אונטער פּיסלאַך,
קלינגען פרייליכע,
מונטערדיקע שטימעלאַך:
וואַסער און שפּריץ און פרייד,
קלינגט אַזוי, די קינדערשע נויט —
אין די אָרעמע גאַסן פון שטאָט...

## כ'האָב היינט

כ'האָב היינט דעם טויט געזען באַגילדט,
דעם טויטן מיט זאַלבן אויפגעוועקסט;
האָט מיט טויטן־גערוך,
פּאַרפיום געשמעקט
און ס'האָט מיין האַרץ נישט גערירט,
ווי פון אַ געפּלאַצטן פענכער
אויף אויפגעבלאָזענע נאָזלעכער
איז דער דוך אַרוים. —
און כ'האָב דאָס לעבן היינט געזען,
וואָס האָט זיך אין מיסט געגראַבעלט
און ס'האָט מיין האַרץ פאַרקלעמט;
און די אויגן זיינען איבערגעגאַנגען.
האָט געקלאָגט, געקלאָגט די נויט
ביי אַן אַרויסגעוואָרפן ברויט;
און דער הונגעריקער
מיטן קויטיקן ברויט אונטערן אָרעם
האָט זיך גע'מיאוס'ט צו עסן
און געבעטלט, געבעטלט. — — —
מען האָט דעם טויטן,
אין מאַרמאָרנעם אָרון,

איינגעבאַלזאַמירט;
און מיט בלומען באַערדיקט,
וויפיל הספדים נאָך געמאַכט,
וויפיל פאַרמעגן ער האָט איבערגעלאָזן
אויף נאָכן טויט. — — —
און מען האָט דעם הונגעריקן,
דאָס לעבן פאַראומווירדיקט;
ביזן תפיסה
פאַר אַ פאַרברעכן פאַרשפאַרט . . .

## זיין וועלט

באַגינען, אויפן ערשטן אויגן-בליק,
האָט זיך געגרויט און געבלויט און געשוואַרצט
דער נייער טאָג;
און אַן אַלט פאַרכמורעט פנים געקראָגן —
האָט ביים הימל׳ס ראַנד
אַ וואָלקן זיך אַוועקגעשטעלט
און בישט געוואָלט אָפּטרעטן פון שוועל;
און דער ווינט מיט געוואוי,
אומרואיק אַזוי
האָט אים אויף די פליגל צעטראָגן. —
האָט די וועלט אַ שאָטן פון אַ טאָג געבוירן
און מיט אַזאַ וואָלקן שלייער זיך פאַרהילט,
ווי איינעמ׳ס געמיט איבערפולט.
איז ווער טריב אויפגעשטאַנען
און קראַנק-מיד זיך אַרומגעשלעפט,
ביז אָן זון-אונטערגאַנג,
דער טאָג איז פאַרביי —
האָט ער זיך פויל צוגעלענט
און די נאַכט האָט זיך צוגענענט,

נאָר, אָן לבנה און שטערן,
האָט אַ שוואַרץ־פּעכיקער הימל,
זיינע הונגעריקע אויגן געקלעפּט;
און פון אַ לעבן אַזאַ׳ם אָן אַ שיין —
האָט זיך אים נאָכגעחלומ׳ט:
זיין אָרעמע וועלט...

## שטיקער נאַכט

שטיקער נאַכט, ווי שוואַרץ־פּעכיקע פּלאַסטערס,
האָבן זיך פיינלאַך צו מיר צוגעקלעפּט,
ווי אויף געלעכערטע וועגן.

שטיקער נאַכט און טומאַנען־געוועב,
האָבן זיך אויף מיר אויסגעשפּרייט;
און נאַכט־שאָטנס און פלעקן,
מיך איינגעהילט;
טאַפּ איך אין דער פינסטער מיין וועג.

שטיקער נאַכט!
האָט זיך דער שיין אין די אויגן,
אין טונקל־פייערדיקע רעדער געדרייט;
און אין ווייטע פינסטערנישן
אַריינגעפאָרן;
נאָר, אין די פייכטע אויגן
האָבן זיך די פלעקן געוואַשן,
פון די שטיקער נאַכט —
און אין אויסגעלייטערטן פיין,
אויף נייע אויסגעפּלאַסטערטע וועגן,
האָבן די פוס־טריט פעסט אָפּגעשלאָגן;
און נייע פּאַקעלס ליכט,

מיט העלע שטיקער טאָג,
אין מיין זעל אָנגעצונדן,
צום אויפגאַנג:
פון נייעם זעאונג. — —

## ווענעס נעכטיקע געשטאַלט

די נאַכט איז מיט שלאַנגען
אויף מיר אַרומגעקראָכן;
נאָך פון נעכטיקן טאָג,
אויפן וועג, צו מיר זיך געלאָזט.

האָבן זיך שרצים-קעפּ,
ווי אין פינסטערע זעק
זיך אויסבאַהאַלטן,
און שוואַרץ-שיפּענדיק
מיט די צינגער געדרייט.

האָבן די הענט זיך גע׳מיאוס׳ט,
צו וואָסער אומווירדיקייט
זיך צוגערירט —
נאָר, די פּיס אונטער מיר
האָבן געטראַמפּלט און געטראָטן,
וואו נאָר אַ שלאַנג
האָט דעם פּיסק אַרויסגעשטעקט.

אָ, ווענענס נעכטיקע געשטאַלט
האָט אַנגסטן אויף מיר געשלאָגן? —
און אַ בייזער חלום אויסגעדאַכט.

## דער ווינט וואַיעוועט

דער ווינט וואַיעוועט וועלטן,
געוואַלטיק געוועלטיקט;
רייסט אוים דער ווינט,
וואו זיך גיט אַ קער:
אַ בוים פאַר אַ בעזים,
אַ טורעם פאַר אַ לייטער,
שטעלט ער צו טרעפ צו אַ חורבה;
און לאָזט זיך אַראָפּ אין אַ גרוב,
אַ בליק טאָן, וואָס מען הערט. —

טראָגט מיט שטורם דער ווינט,
דעם בליץ פאַר אַ בליץ-לאָמפּ;
און צינדט אַ לאַמטערן,
אַן אילומינאַציע אין מיטן טאָג;
הויבט ער אויף אין דער הויך,
אַ שילד פאַר אַ פאָן —
און הענגט אַראָפּ פון אַ סלופּ,
אין האַלבן טרויער —
נאָך אַ געפאַלענעם קעניג. —

טויזנטער שפּיצלעך
קערט קאַפּויר דער ווינט —
הויבט ער אויף אַ רעגן-שירעם,
ביז איבער די וואָלקנס פאַרדרייט,
אַ זון-שירעם פאַרן הימל
און אַ שירעם-הענטל פאַר דער ערד —
לאָזט זיך אַראָפּ אַ פליוך,
גיסט ער אָן אַ פולן קוימען,
לחיים פאַר דער וועלט. —

און דרייט זיך שיכור
אין אַווירבל־געדריי,
ליגט דער קוימען אויסגעצויגן,
אויף דער ערד;
ער האָט זיך אויסגעלענקט
אַ פוס אין טאַנץ —
און קען מער ניט דינען דער וועלט — —
וואָיעוועט דער ווינט וועלטן,
געזועלטיקט געוואַלטיק...

## אין דער וואָיענדיקער נאַכט

ביינאַכט, האָט אַ פליוך געגאָסן,
ווי אַלע שיכורים דערמיט אָנגעטרונקען;
און דער רעגן אין געדיכטער פינסטערניש האָט געקלאַפּט,
ווי מייז וואָלטן געפּרעסן —
האָט דער ווינט, וואו נאָר אַ נאַרע און ליק,
אַ הונט פאַרשטעקט —
האָבן געזויפן און געכרומטשקעט,
שיכורים און מייז,
ביז שפּעט אין דער נאַכט,
מיט אַ הינטיש בילעריי באַגלייט —
האָט זיך, ווי פון אַ קייט, אָפּגעריסן דער ווינט
און אין מיין פענסטער, אין דער פינסטער,
געקלאַפּט און געריסן,
פון הינט און ווינט,
מיט אַ ווילד וואָיעריי
אין דער פליוכענדיקער נאַכט;
נאָר מידערהייט האָט שוין דרויסן דער רעגן
אויף די שטיינער און אַספאַלט אָפּגעשלאָגן;
און שווער אויף מיין שלאָף זיך געלייגט;

האָט זיך נאָך אַלץ אויסגעדאַכט:
ווי מייז וואָלטן נאָך הארט געגריזשעט
און געקייט און געקייט;
ביז די קעץ אין די קעלערן,
האָבן צעשראָקן געמיוקעט,
און די מייז פאַרטריבן —
נאָר, זונה׳יש זיך אַרומגעיאָגט,
אין דער וואָיענדיקער נאַכט...

## פון שעה צו שעה

פון שעה צו שעה,
פון מאָל צו מאָל,
וועקט מיך די נאַכט;
קריך איך אַרום,
ווי אַ נאַכט-וואַנדלער —
קלעפּט, קלעפּט דער שלאָף,
ציט, ציט פיינלאַך דאָס וואַכזיין;
און פאַל ווידער,
ווי אין הינער-פּלעט אַריין.

אָ, וועלכע זאָרג
לאָזט נישט רוען מיין האַרץ
מיט דער נאַכט-רו?
וואָס וועקט מיך איבער,
ציילט ווער די שטונדן נאָך
פון מיין טאָג׳ס קומער?...

אויפן וויג-שטול,
וויג זיך, וויג זיך, וויג,

ווי אַ מאַמע וויגט ס׳קינד צו,
וואָס זיך איבערגעוועקט
אין מיטן נאַכט פון שלאָף —
וויג זיך, וויג זיך,
אַזוי שטיל, שטיל,
דאָס פלעמל שלאָפט אין קנויט אַצונד,
ס׳זאָל קיין פליג זיך נישט אויפכאַפּן —
הער איך בלויזן אָטעם פון אַ שאָטן דאָ,
וויגט זיך, וויגט זיך אָן אַ רו.

כ׳האָב זיך אויסגעטאָן צום שלאָף
און כ׳האָב מיין לאַסט נישט אויסגעטאָן,
קען מיין האַרץ נישט רוען —
אין מיין פענסטער, פינסטער שלאָפט די נאַכט,
הילט איין יעדן רוענדיקן שיין;
נאָר, וואָס מאַכט מיין אויג זיך ניט צו?
אַ ביינאַכטיק ווינטל ווייעט,
מיט פרישן אָטעם;
הערט זיך שטאַרקער אַרום מיר:
דער דוך פון איינגעשלאָפענער נויט,
וואָס אָטעמט שווער. — —

אָ, וואָסער חלום
רוימט מיר איין די נאַכט?
וואָס כ׳ריים איבער אין דער מיט —
כ׳שפּין אים איבער,
כ׳שפּאַן אַריבער,
נישט אָן אויסגערוטער,
אַ מידער —
זוך איך דערפרישונג,
אינם נייעם טאָג...

# שוואַרצע פּאָרהאַנגען

שוואַרצע פּאָרהאַנגען
הענגען אויף די קלויסטער־טירן
און טרויערן שוואַרץ אויסגעפּוצט,
אויפן טויטן גלח —
גייט אַלץ אין שוואַרץ געהילט,
גלחים אין שוואַרצן,
מאָנאַשקעס אין שוואַרצן;
זאָגן אַנדערע, נאָכן גלח,
און אין רויכערדיקן ווייַרויך,
גייען אויף די תפילות שוואַרץ פאַררויכערט,
נאָכן גלח —
דרייען זיך די זינדיקע,
אַרום זיין לייכע,
וואָס האָבן ביי זיין לעבן
און ביי זיין טויט,
זייערע זינד אַנטפּלעקט. —

שפּילט דער אָרגל,
מיט די קלויסטער־ליפּן,
אַ טרויעריקס;
אויף אַרויסצופירן,
דעם טויטן גלח. —
און ווי אַ שוואַרץ קלינגעריי,
קלינגט דער קלויסטער־גלאָק,
צום אַרוים באַגלייט:
זאָל דער טויט,
די שוואַרצע טויערן עפענען
פאַרן טויטן גלח;
זאָל די שוואַרצע ערד פאַרדעקן,

אַלעמענס זינד,
מיטן טויטן גלח.

## לקוי חמה

אַ זונען־קרוין,
אַ קרוין פון זונען־שטראַלן,
שטראַלט אויף דער וועלט —
בּיסלאַכווייז, בּיסלאַכווייז,
האָט די לבנה,
די זון אין מיטן טאָג פאַרשטעלט —
שפּאַרט זיך אַרום די זון,
פון דער פינסטערניש;
רעגנט אויף דער ערד,
אַ שפּריי פון רעגן־שטראַלן —
גאַפן טויזנטער וואונדער,
מיליאָנען פאַררויכערטע גלעזלאַך,
קוקן אינם וואונדער אַריין,
מיטן אָבערגלויבן אינאיינעם,
די וועלט גייט אונטער,
מיט בלוט וועט אין מלחמות רעגענען —
שיינען אָבער העל קלאָרע אויגן
דער נאַטור'ס וואונדער
אין פּנים אַריין
און ליכט וועט זיך גיסן —

אַ קרוין פון זונען־שטראַלן,
טוט זיך אָן די זון
אין טאָג פון לקוי־חמה
פאַר ווייטערע דורות,
צו שיינען . . .

# ווער איז אָנמעכטיקער?

ווער איז אָנמעכטיקער פון נידעריקן?
ס'רעוואָלטירט דער שקלאַף אַנטקעגן האַר,
און האַר אַנטקעגן קעניג,
און קעניג אַנטקעגן גאָט. —
שטייט דען ניט אַ וועלט
אויפן פונדאַמענט?
און נאָכדעם ערשט גרייכט,
שפּיץ-טורעם אין דער הייך. —
און דורך וועמען גרויסט זיך דען, דער קעניג,
אויב נישט דורך זיין אונטערטאַן?
ווידערשפּעניקט דער אונטערטאַן,
פאַלט דער אויבער-טאַן אַוועק. —
נאָר, וועמענס איז דער גרינגסטער
רעוואָלט אין דער וועלט?
וואָס האָט קיין באַדייט —
ס'האָט דאָך נישט וואו אומצופאַלן,
וואָס האָט קיין אָנשפּאַר אויף דער ערד. —
און וואָס פאַר אַ צוציהונגס-קראַפט
קען דען צוציען, וואָס איז אָן ממשות?—
און ווי קען אַזוינס זיך אויפהייבן,
פאַר אַן אַל-מאַכט פון די הימלען?
נאָר, ווער האָט דען דאָס אויסגעטראַכט,
אויב נישט נאַרישע „הוּיריעס און בוּיריעס“?...

# ס'וועט זיך נאָך געווג אָפּטאָן

ס'וועט זיך נאָך געווג אָפּטאָן,
די וועלט האָט אַזוי פיל היילערס;
און איז פול מיט חולאת'ן —
אייטערן די וואונדן,
אָ, פּאַר וועמענס־נוצן?
היילט ס'געזונט אויף אַ גראָז,
און צו וויפיל גייט עס אוים?
ווער קריינקט עס אוים?
און אין וועמענס גאַל־שטיינער
געפינט ווער גאָלד?...

ס'וועט זיך נאָך געווג אָפּטאָן,
די וועלט האָט אַזוי פיל ריכטער;
און איז פול מיט פאַרברעכן —
אוי, גריבל זיך, יוריספּרודענץ!
אינם „מאַכט“ פונם יוסטיץ —
„ביי גאָט, דאָס אָפּשווערן“
וועט ערלאַכקייט ווערן —
און תפיסות און מיתות,
וועלן שלעכטעס אויסראָטן —
נאָר, פון וועמענס אומרעכט,
ווערט באַלוינט דאָס רעכט?...

ס'וועט זיך נאָך געווג אָפּטאָן,
פון אַזוי פיל גאָטס־גלויביקע,
איז די וועלט פול מיט אומצוטרויען —
נאָר, „קידער און ווידער“,
ניט קיין לאַסקעס זיך שיינקען;
נאָר, “זידל און שנידל“

און קריוודעס אױסזוכן —
און טאַדל פאַראיבלט,
וואָס ברעכט עס נישט אוים ?
אַ טויט, צו פאָרן —
איידער צו טרויען ס׳לעבן...

ס׳וועט זיך נאָך געגוג אָפּטאָן,
און מיסטרויען איינם ס׳אַנדערע ;
ווער האָט נישט זיין פריידיקער
אויף יעדער אומגליקלעכהייט ?
וויפיל בייזוויליקייט פאַראַן,
רעכטפערטיקט דאָס אומרעכט —
אַ וועלט, אַ ווילדע,
אַ וועלט אַזאַ נישט־גלייכע —
ווער גינט נישט יענעמס לעבן
און זאַמלט אויף נאָכן טויט ?

## בלוט־אָדערל, פּלים !

פון גליד צו גליד,
איך וויל זיין דער שמיד,
אייזן און גלוט,
דינאַמיט און בלוט,
שטאָל אין מיין האַרץ,
גאָלד אין מיין זעל —
פלינק און בלאַנק
שפּיזט דער בליק,
ווי דימאַנט דאָס אויג
שניידט די שאַרף.

פון גליד צו גליד,
איך וויל זיין דער שמיד,
פון פינסטער, ביים שיין,
גים איבער דעם פיין. —
אַ, זידענדיק האַרץ,
לויף איבער מיט שוים,
בלוט-אָדערל פלים,
ווי אַ ליעקעל גים:
דאָס גלוט און בלוט,
אין הויט און ביין. —

פון גליד צו גליד,
ווי אַ מאַגנעט ציט —
וואו נעם איך די קראַפט?
אַ, בייגקענדיק האַרץ,
בלוט-אָדערל פלים,
ווי אַ וואָלקנדל, גים,
ווי אַ וואַסערל, שפּריץ,
הייב זיך נאָר אויף!
פון אָפּגרונט אַרויף!
קיין וואַסער, אַ טראָפּ,
פאַרלוירן ניט גייט —
פון מענטש, צו מענטש!
דער כירורג כ'וויל זיין,
וואָס שניידט און היילט...

# דער האַר און דער קנעכט

(פאָלקס־לעגענדע)

הערט קינדער, אַ מעשה, געווען איז אַמאָל,
אַ האַר אויף אַ באַרג און אַ קנעכט אין אַ טאָל;
האָט באַרג און טאָל זיך איבערגעקערט —
איך האָב פון דער באָבע אַזוי געהערט,
די מאַמע פון זיידן, האָט נאָכדערציילט:
ווי נאָכדעם דער קנעכט, האָט פריי, זיך געוויילט — — —

אַזוי איז געווען צווישן האַר און קנעכט,
דער האַר האָט געזאָגט, מאַך מיר צורעכט:
דעם צאַם פאַרן שלאָס — פאַרן פערד, דעם צוים —
און פלינקער קריך אַרויף, אויף אַ בוים
און ברענג מיר אַראָפּ, די טערקעל־טויב,
אויב נישט — איך צעמאָל דיך, אויף אַש און שטויב!
געזען האָט דער האַר, דער קנעכט איז מיד,
פאַר דעם האָט דער האַר דעם קנעכט געשמידט;
און אים נאָך געמאַכט אַ וואונד אין זייט —
האָט איינמאָל דער קנעכט צעריסן די קייט,
ביי דעם זיך געשאַרפט די ציין און צונג —
און נאָכדעם גערעדט — אַ העלד אַ יונג:
האַר, מיין האַר, באַצאָל מיר מיין לוין!
איך האָב דיר געדינט, זיבן יאָר שוין!
געזען האָט דער האַר, אַז גאַר אַזוי —
איז ער פאַרשרעקט געוואָרן גרוי;
יאָר, באַלד האָט דער האַר דעם קנעכט פאַררעט
און עפּעס דערלאַנגט און אים געגלעט:
זע! טייערער קנעכט, וואָס פליט אויפן בוים,
די פעדערן גאָלד אַרום אַ זוים;

בלויז איינמאָל נאָך טו אַ שפּרונג אַרויף —
ווערט צאַרנדיק דער קנעכט און לאַכט צום סוף:
האַר, מיין האַר, דאָס בוימל איז יונג!
איך קען מיין נאַקן צעברעכן גרינג!
איז אַרויפגעקראָכן דער האַר אַליין
און זיך צעבראָכן דאָס געביין —
האָט דער קנעכט געלאָזט אים ליגן,
האָט דער האַר אַזוי געשריגן:
קנעכט, מיין קנעכט, הייב מיך אויף!
און ער שרייט צום בוים אַרויף;
כ'האָב איבערגעלאָזן אויף דער צווייג
די גאָלדענע פּאַווע פאַר מיין שטייג!
האָט דער קנעכט געלאָזט אים ליגן,
האָט דער האַר אַזוי געשריגן:
קנעכט, מיין קנעכט, איך גיב דיר מיין פערד!
דו ווייסט דאָך יאָ פון אים דעם ווערט —
פרעגט דער קנעכט: וואָס ברענגען, וואָס?
שרייט דער האַר: ברענג מיך אין שלאָס!
נאָר דער קנעכט צום שלאָס נישט רייט,
אויפן שלאָס דאָרט הענגט אַ קייט. —
קרעכצט דער האַר: אוי, מיין געניק!
איך בין געפאַלן אין אַ קריג. —
שוין נישט אומקערן זיך קיינמאָל,
אָן קנעכט געבליבן איך בין אין טאָל . . .

# געבורטס-טאָג

ווער ציילט דעם געבורטס-טאָג,
וואָס בלומען ער קריגט ?
ווען׳ס קינד, האָט אַ וויגעל,
אַ גאָלדנס געוויגט.

קריגט בלומען נאָך בלומען
פון מאַמע׳ס געבורט ;
ווען׳ס קינד אין אַ פּאַלאַץ
געבוירן איז דאָרט.

די פרייד פון געבורטס-טאָג
אַנטקעגן קינד טאַנצט ;
ביים פּאַלאַץ, אַ גאָרטן
אַרום איז געפּלאַנצט.

דער גאָרטן פון פּאַלאַץ
אַ גאַנץ יאָר געראָט ;
נאָר, ווען־ס געבורטס-טאָג
אויף בלומען ניט שפּאָרט

קריגט בלומען נאָך בלומען
און בונטן פאַרפלעכט ;
נאָר, ווען־ס געבורטס-טאָג
אַ דאָרן צעשטעכט ?

וואו וואַקסן דען דערנער ?
דער גאָרטן איז פעט ;
און נאָכן געבורטס-טאָג :
אַ נייעם בוקעט.

# ערב-פרילינג

אַ ווייסער טוי, ווי שניי,
ליגט ערב-פרילינג פריש;
איז אויפן דאַך פון הויז,
ווי אויסגעשפרייט צום טיש.

אַ טיש פאַר יעדן הויז
מיט טישטיכער פאַרשפרייט;
דער טוי, ער האָט פאַרטאָג
דעם מאָרגן אָנגעגרייט.

די פרילינג-זון מיט גאָלד,
מיט גאָפּל, מעסער שטראַלט;
אַ פויגעלע צום טיש
צום אָנבייסן זיך איילט.

קלויבט דזשאַרנעס שוין אין מויל
און פיקט דאָס און פאַרשלינגט;
און שפּראָצנדלאַך פון טוי
פון בעכערלאַך פאַרטרינקט.

זי צוויטשערט באַלד און רופט
נאָך פויגעלאַך צום דאַך;
אַ שפרונג, אַ זונג ביים טיש,
מיט פויגעלאַך אַ סך.

שוין פרילינג אויף שפּיץ-דאַך!
אַהערצו פויגל פלי;
אַ פויגעלע דאָרט זינגט
ביים פרישטיק אין דער פרי.

## אַ שניי אויפן פרילינג

אַ שניי אויפן פרילינג,
שניי־ווייס, ווי צווייט;
פאַרשנייט האָט דאָס בליאונג,
ערשט וואָס געבליט.

אויפּסניי, ווי דער פרילינג,
ווי ליב מיך גרוסט;
מיט צווייט אינם שלייער,
ביימל און קוסט.

מיט פרייד, ווי דער פרילינג,
וואָרצלט און צווייגט;
יעדעס בלעטל בליאונג,
ס׳משופיקל צייגט.

האָט שניי זיך געווירבלט,
געשנייט אויף אַלץ;
וואו צווייג אויף די קוסטן,
ווייס זיך געהאַלדז.

שניי־צווייטעלאַך האָבן
דעם מאַי פאַרשטעלט;
געכאַפּט האָט אַ ציטער,
פרילינג די וועלט.

שניי־פליטערלאַך האָבן
טויט זיך געלייגט;
וואו נאָר עס האָט פרילינג
לעבן געצייגט.

נאָר, דורך לויטער הימל
האָט שוין די זון,
אַ סוף צו דעם ווינטער,
אַ וואַרעם געטאָן.

## מאַי - טאַנץ

קינדער און בלומען און פרייד,
יום-טוב'דיק קלינגט דאָס געשאַל;
שוועבט ביז די פאַלבן פון קלייד
טאַנץ און געפּלאַטער אין זאַל.

הענגען דעקאָראַציעס באַשיינט,
אויסגעפּוצט טישן און בענק;
גלאַנצן די פּנים'ער היינט,
מיט די וואַזאָנען געשענק.

קלינגט דאָס געזאַנג אינם דופּט,
שמעקט מיט געבלי און געגלאַנץ;
ביסקל אַ שטימע וואָס רופט:
אַלע אינאיינעם אַ קראַנץ...

קאַראַהאָד, שטעלט אוים דעם טריט,
נעמט זיך אָן האַנט אָן אַ האַנט;
קינדער אַריין אין דער מיט,
פלעכט אין געקראַנץ זיך באַנאַנד...

רונד אין אַ ראָד זיך געדרייט,
מאַרש און געשטעלט זיך אין ריי;
אונטער די אָרעמס זיך גייט,
ווי דורך אַ טויער פאַרביי —

לוסטיק אַזוי זיך אין שפּיל,
טאַנץ און אַ הוליע געטאָן;

טריט און געשטעלט זיך אין ציל,
הענט און געפּלאָנטער פון פּאַן...

הענט, ווי געהויבענער שטאַנג,
פּאַן און געפּלאָנטער געווייעט;
אַלע אין שאַל און געקלאַנג!
ציט זיך אַזוי, ווי באַפרייט...

אַלע אין רינג אַרום ווערט,
ביסקל די ביינער און הויט;
און מיט די בלומען באַערט:
אַלעמענס קאַמף און דער נויט...

## פייערלאַך

נאָנטע, אָוונט-פייערלאַך,
שפּינען גאָלדענע פאַרנאַכטן;
ווייטער, ווייט, ווייט-שיינענדע,
ווי די שטערנדלאַך אויסדאַכטן.

הימל׳ס צויבער-מעשה׳לאַך,
לאָזן אויגן נישט פאַרשלאָפן;
לבנה, שטערן וואַנדערן,
נאָך נישט נע-ונד געטראָפן.

איז אָוודאי וואונדערלאַך,
הימל און ערד פון דער ווייטן;
שיינען איינע די אַנדערע,
מיט אַזוי פיל ענלאַכקייטן.

נאָר, באַגיינען אַנדערע,
שטייען אויף פון שלאָף נישט גערן;
אָרעמע און וואָגלענדע,
וואָגלען, ביז פאַרוואָגלט ווערן...

## דאָס איינציקע קינד

דאָס איינציקע קינד ביי דער מאַמע
עס פּלאַטערט איר שיין;
באַהיט און באַוואָרנט, איר איינציקס,
פאַר אים זאָל מיר זיין.

זי היט פאַר דער שיין אים צו ווייזן,
פאַר שטנ׳ס בייז אויג;
איר יעדערער האַרץ־קלאַפּ — אַ ציטער
פון קינד׳ס זיך אַ בויג.

זי היט אים, אין שאָטן צו לאָזן,
זיין טרוים, זי שפּינט מיט;
איר יעדערער בליק — אַ באַשיצונג,
דעם קינד׳ס, יעדן טריט.

זי היט אים, ביים שיין און ביים שאָטן,
פון רעגן און ווינט;
און שרעקט פאַר זיין שאָטנ׳ס אַ ציטער,
איר איינציקעס קינד.

## פרימאָרגן די זון

פרימאָרגן, די זון, מיין וועלט׳ס גאָלדן ליכט,
זי וואַרעמט די וועלט אוים די אויגן;
און אַלע טאָג פריש, ווען כ׳שטיי אויף פון שלאָף
די גאָלדענע שטראַלן זיך נויגן.

מיין מאַמע, אַזוי האָט דאכט זיך געטאָן,
ווען זי האָט אַ קינד נאָך געזויגן;
און אַלע טאָג פריש פון הינדעלע אָן איי —
זי האָט אָנגעוואַרעמט די אויגן.

# שורות

קליינע שורות זיינען, ווי גינגאָלד געלייטערט,
גרויסע שורות זיינען, ווי די פעטע זאַנגען;
שיינע שורות — איבער׳חזר׳ן זיך די קלאַנגען —
און פון מיאוס׳ע שורות, ווילט זיך זיין דערווייטערט.

ליב איך, טינט און פעדער און וואָס אַלץ באַשרייבן,
נאָר, די גוטע שורות, פון גייסט־טינטער טונקען;
דען די שלעכטע שורות הינקען צו און הינקען,
טוען בלויז דערנידעריקן, גאָרנישט ניט דערהויבן...

# באַלאָדנט

ווער באַלאָדנט די וועלט מיט אַלעם האָב,
און ווער איז מיטן ביקס אָנגעלאָדנט?
און וועם לאָדנט ס׳געריכט פאַר פרעמדן גאָב,
און וועמענס וועכטער שעדיקט און שאָדנט?

איז צאָרן אָנגעלאָדנט אויף דער וועלט,
ווער נעמט צו וועמענס האָב און וועמענס לאַנד?
און וויפיל פרעמדע וועכטער אָנגעשטעלט?
געטרויען נישט אַן אייגענעם פון האַנט.

איז די וועלט אָנגעלאָדנט פול מיט שטראָף,
ווער אָבער לאָדנט זיך, זיין אייגענע שולד?
און ווער גייט זיך לאָדענען ביזן סוף —
און נישט לאָזן די וועלט אָנגעלאָדנט ווילד.

ווער לאָדנט אויס און ווער לאָדנט זיך אָן,
נישט זיכער ווערט די גרענעץ, וואָס מען היט:
אַ דעמב צעשפּליטערט זיך אויך ביז אַ שפּאָן —
דער שטויב אַליין מאַכט בלינד פון זייערע טריט...

## לאַטעס

לאַטעווע די וועלט,
לאַטעווע די ערד;
דאָ, אַ זומפּ פאַרשיט
און דאָרט, טו פאַרקערט.

דאָ, אַ טורעם שטעל,
און דאָרט, ווער געוואַר:
וויפיל צינזן קריגסטו,
מאָן — אויף קינד-קינדס יאָר.

מעסט, אויף יענעמס פלוין,
אוים דיין הויכן ראַנג
לויט דער שטרעקע גרויס,
וואָס פאַרנעמסטו אין „צוואַנג".

גייען, גייט אַ מענטש,
לויפן, לויפט אַ פערד;
צי אַזוי ביים לייץ,
טרייב זיי אָן פאַרקערט.

שמעקן, שמעקט אַ בלום,
און דער דאָרן שטעכט;
אַז צערייסט אַ בלאַט —
נו, ווער מאַכט צורעכט?

## שטויב

שטויבן אויפן קלייד,
וואָס דער ווינט פאַרווייט;
טראָג דעם שטויב נישט מיט,
קורזשע נישט פאַרן טריט.

שטויב קען מאַכן בלינד,
אַזוי נאַרט דער ווינט;
וויל זיך טאָן אַ הייב,
הייבט ער אויף אַ שטויב.

אַזוי טוט אַ פיינט,
און דער שונא מיינט:
חיל האָט אָן צאָל,
דאָס מאַכט שטויב אַמאָל.

אָנגעמאַכט אַ שטויב
און באַהאַלט דעם רויב;
ציט אַוועק דער פיינט,
צי ער בלייבט ביז היינט.

שטויב קען מאַכן בלינד,
מאַנעוורעס מיטן ווינט;
פון דעם שטויב מיך היט,
קורזשע נישט פאַרן טריט...

## ווי ס׳לוינט זיך פאַסט

פייער, פלאַמט אין הויך,
גייט אַרויף אַ רויך;
וואַסער, לויפט אין טיף,
גייט דערויף אַ שיף.

אַלץ געוויינלאַך ווערט,
וואַסער — פלאַם פאַרצערט;
פלאַם — דאַם וואַסער זידט,
ביזן לופטן פליט.

און וואַס זיך דערהייבט,
אין דער הויך נישט בלייבט;
אונטן אויף דער ערד,
האַט די זעלבע ווערט.

נאָר, לויט דעם מענטש׳ס לאַסט,
ווי אים לוינט זיך פאַסט;
אָרעם איז און רייך,
„מענטשלט" זיך נישט גלייך.

## ווען

אָרעמדיק, וואַכעדיק לעבן!
גאָר נישט ניט, גייסטרייך איז ס׳לעבן —
נו, ווער פאַרלירט נישט דעם זינען?
גייט אַרום, גייסטלאָז אָן זינען.

ווען מען מאַטערן נויטן?
אַלעמאָל אַנדערע נויטן —
ווען איז האָפערדיק ס׳לעבן?
שטענדיק אַ יום-טוב׳דיק לעבן.

## פּאָרטרעטן

אַ וועלט מיט פּאָרטרעטן,
יעטווידער מיט זיין בילד ;
טרעפט וואוילטאָג און ווייטאָג,
זיך פּאַרוויילט און פּאַרשילט.

דעם צופיל, דעם ווינציק,
דעם גאָר נישט, ניט גענוג ;
טריפט ווייטאָג און וואוילטאָג,
פולן לאָגל און קרוג.

די וועלט צו אָנגלייכקייט —
וועמענס שילד הענגט אַרוים ?
און קליין איז דער טאָג דעם,
און די נאַכט איז דעם גרוים.

## מאַסאַזשן

וויפיל פּאַרדראָסן אין לעבן
קרומען זיך אוים אין גרימאַסן ;
ווילט זיך דאָס קרומע אויסגלייכן,
רייסט זיך גאָר איבער אין פּאַסן.

אונטער די פּאַלבן און קנייטשן,
ווער קען הפּנים דען לייענען ;
צו קרום די נשמה פּאַרבויגן —
ווער זעט אַרוים דען, די פּיינען ?

אונטער די פרענגעס פון בייטשן,
ווייטאָגן טיפע עס ברענען ;
מאַסאַזשן צייכנס פּאַרגלעטן —
אויבן אויף ניט צו דערקענען...

## עס טרעפט אַ שעה

טרעפט אַמאָל אַ שעה,
שפּילקעס שטעכן אויף;
שפּילקעס שטעכן צו,
לויט די הויט און שטאָף.

בלאַנק די נאָדל גייט,
וואו דו פעדעמסט איין;
ביסקל זי פאַרנייט
אינם ריס אַריין.

מאַכט זיך אַלץ צורעכט,
וואָס עס רייסט זיך אויף,
און מיין ליב, וואָס שטעכט?
נייט זיך דאָרט צונויף.

## געווימל

איבער אַלע מויערן,
עגבערן און בויערן;
אַ געווימל בלויז,
ביז אַריין אין הויז.

שלים איך טירן, טויערן,
פון די ווענט די אויערן;
פענסטער לאָדן צו,
זאָל נישט ווימלען דאָ.

פרואוו איך מיך באַהאַלטן,
דרינגט אַדורך די שפּאַלטן:
האַנדל-וואַנדל, טויש —
אַ יאָר-מאַרק גערויש!

# לופט שלעסער

װער װעבט נישט לופט שלעסער,
און קײן לופט איז נישטאָ ?
פעלן נישט קײן גאַזן
און קײן שפּינװעבס דערצו.

שפּינװעבס קען צוקלעפּן
אין דער לופטן אַ בריק ;
גאַז קען זיך אויסשפּרייטן,
װי אַ לופט־געװעבט שטיק.

נאָר, האַלט דיר דעם שליסל,
און דעם שלאָס שליס אַלײן ;
פון שלאָס אין אַ פּאַלאַץ,
איז שוין גרינגער צו גײן.

קענסט לײכט איבערציען,
װאו די װעלט האָט אַן עק;
װער דאַרף זיך דען שטעלן
אויף אַ באָדן און דעק?

נאָר, גאַז קען אויסרינען,
דײן פאַרמעגן איז אויס ;
פעלן נישט לופט מענטשן,
קומען נײע אַרויס.

װער װעבט נישט לופט שלעסער,
און קײן לופט איז נישטאָ ?
פעלט דאָך נישט, קײן קלעפּיקס,
עפּעס אַנדערש דערצו.

# אָן אַ ציל

וואָס איז לעבן אָן אַ ציל,
וואָס דרייט זיך מיטן ווינט?
איז דאָס בלויז אַ קינדער-שפּיל —
איז גוט דאָס פאַר אַ קינד.

נאָר דאָס, וואָס דרייט זיך פּוסט און פּאָס,
וואָס איז אַזוינס אַ גליק?
קלינג אַריין אין הוילן פאַס,
קלינגט הויל אַרויס צוריק.

און אַזוי, וואָס טייפלעש איז,
צוויי-פוסנדיק געשטאַלט;
לאָז זיך אויף די הענט און פיס,
אויף אַלע פיר אין וואַלד.

דאָך, וואָס פּאַסט פאַר קינד און קייט,
צי וואָלט דאָס מיר געלוינט?
און פאַר בלויזן נאַרישקייט —
וואו וואָלט איך מיר געוואוינט?

אין די הרי-חושך דאָרט,
איך וואָלט געשטעלט מיין הויז;
וואָלט געגנוג געווען אַן אָרט,
אַ שאול-תחתיה בלויז.

וואָלט געמינערט נאָר אַ סך
פון נאַרישקייטן פיל!
פעלט דען אויס, מיין וועלט אַ זאַך,
וואָס דרייט זיך אָן אַ ציל?

# „גרויסקייט“

קליין ביז גרויס דערהויבן,
קליין ביז גרויס געשטיגן;
און דאָס קליינע בריוול,
גרויסערהייט פאַרשוויגן.

אפשר גאָר פאַרגעסן,
וואָס אין זין צו שרייבן —
ווער דאָס קליינע בריוול
אָן אַן ענטפער בלייבן.

אפשר גאָר פאַרוואָרפן,
ליגט עס וואו צעריסן;
גוט איז צו דערמאָנען,
נאָך אַ מאָל צו גריסן.

פאַרשט ער נאָך פון ווייטן,
ווען אַן ענטפער קריגן;
איז אומזיסט דאָס וואַרטן —
איז צו הויך געשטיגן.

דאַכט זיך אים, איז געטלאַך,
דאַרף קיין ענטפער געבן —
גרעניצט זיך דאָס „גרויסקייט“,
קלענער ווי דאָס לעבן...

# וואָס קימערט זיך וועלט

געוויין און געלעכטער און טרויער,
פון קלענסטן ביז גרעסטן אויסדויער,
איינס נאָכן אַנדערן פאַרווייעט;
ווי לאַנג, לאַנג עס זאָל נישט געדויערן,
און שטיינער צעפאַלן פון מויערן,
וואָס קימערט זיך וועלט, פאַר דער צייט.

און ווער איז דער פירער פון וועלטן,
וואָס מענטשן, די יאָרן פאַרשעלטן,
ווי גרויס זאָל נישט זיין און ווי קליין;
וועם שטראָפט ער, מיט שטענדיקע נויטן,
ווי ס'גריזשעט אַ וואָרעם אַ טויטן,
אַ גאָט — ווי אַ וואָרעם צו זיין.

און ווער איז גאָט'ס שותף צו בענטשן,
דער נוגש, דער נוגש פון מענטשן —
און אים, גאַר נישט קימערט דיין פיין;
און ווער האָט די מאַכט אים געגעבן?
עס גריזשעט אַ וואָרעם דאָס לעבן,
אַ מענטש — ווי אַ שרץ צו זיין.

# אַ קאַריקאַטור

דאָס בילד איז געמאָלט,
דעם געדאַנק, וואָס איך טראַכט;
דער הינטער־גרונט טריב,
ווי די וועלט, וואָס מיר דאַכט.

דער אויבן אויף שיינט,
אין אַ וועלט־ראָם באַגילדט;

דער הינטער־גרונט גרויט,
בלויז אַ שאַרזש פון אַ בילד.

נאָר, פעלט דען אַ פאָרם,
וואָס אין זשאַנר נישט פּאַסט?
דאָך זעסט נישט אַרויס
אונטער שאָטן פון לאַסט.

כאַאָס פון געמאָל,
האַכט זיך טונקל פאַרשטעלט —
אַ קאַריקאַטור
ווער מאַכט דאָס פון דער וועלט?

## אין געראַנגל

איבער אַלע דעכער,
בלאָזן פרייע ווינטן;
וויל איך שטייגן העכער,
איבער די אָפּגרונטן.

פול די ערד מיט שטויבן,
ווירבלען זיך אינאיינעם;
וויל איך זיך דערהייבן,
נישט פאַרשפּאַרט פון קיינעם.

האַלט מיך ווער געשמידן,
צו אַזוי מיט פּענטן;
ביז אַזוי אַ מידן,
שוואַכן אָנגעלענטן.

ברענט אַזוי אין פיבער,
וואַכן אויף די אויגן;
גייט ס׳געראַנגל איבער,
וואָס מיך צוגעצויגן.

# אומפּלייט

וועט ציים צו צייט קאַליע,
פאַרפוילט און וואָס מילביק;
איז גוט, וואָס ווערט קאַליע,
וואָס טויג נישט אויף אייביק.

אַ וועלט מיט פּסולת,
וואָלט אומפּלייט געגעבן;
איז גוט, וואָס דער טויט נעמט
דאָס אָפּפאַל פון לעבן.

אַ וועלט, פאַראומריינוּקט,
געריירט וואָלט אין זינען;
און צווישן דעם אומפּלייט,
ווער קען זיך געפינען?

וואָלט אַלץ דאָך פאַרפעסטעט,
וואו קען מען זיך ווייזן?
עס פרעסט דאָך אַפילו
דאָס זשאַווער אויף אייזן.

צי וואָלט ווער, פון אומפּלייט,
געוואַרט אויף אויסדויער?
עס שפינט דאָך, דאָס שפינוועב,
די שפין, פאַר איר לויער.

צי וואָלט ווער דען קענען
דאָס אומפּלייט פאַרוואַלטן?
און שטענדיק צו ליידן,
ווער וואָלט אויסגעהאַלטן?

## שאָטנס

איך קען נישט אַנטלויפן פון זיך
און זיך אַרויסדרייען פון אים,
אַז אויף פאַראויס יאָגט זיך דער טריט;
און אָט וואַקסט אויס, וואו נישט פאַרזייעט —
און ס׳אויג איז נאָך פלינקער פון רוח,
דעם אָפּהילך שלאָגט מער ווי די שטים,
ווי אייזן איז שטאַרקער פון שמיד,
ביז זשאַווער — אין ווינט ווערט פאַרווייעט...

נו, שפּיל זיך, מיט ריחות אַרום,
גיט אַמאָל אויף פליגל אַ הייב;
הילט זיך אַ שיין איבער געזיכט —
און אַ פאַל אַ גרימאַסע פאַרציט —
און שאָטנס נאָכלויפן מיר קרום,
ווי ווינטיקע פליגל, צום לייב —
נאָך גוט, אין דער הייך, לויכט דאָס ליכט,
דער שאָטן, ערשט בלאָנקעט ביים טריט...

## נאָך די נעכטיקע טעג

נאָך די נעכטיקע טעג, וואָס בלייבן,
וואָס טו איך צומאָרגנס אויסקלייבן?
איך טו אַלץ, פון נעכטיקן לאָזן,
נאָר די נעכטיקע שטויבן אָפּבלאָזן.

בלייבן דאָך, פון נעכטיקן לעבן,
אַלע מיינע נעכטיקע געוועבן;
און די טרוימען, וואָס איך האָב געשפּינען,
היט איך אָפּ, אויף ווייטער אין זינען.

## דערמאָנונג

פאַרלאָזן — פאַרגעסן —
דערמאָנונגען מאָנען;
נאָר, וואָסער זכרון,
קען זיך ניט דערמאָנען?

דערמאָנונגען מאָנען,
ווי קען מען אָפּזאָגן?
פאַרפליכטונגען קאָנען,
באַשולדיקונג טראָגן.

פאַרפליכטונג באַלעסטיקט,
אַן אויסרייד קען שאַטן;
גענאָד — גיט אַ בעטלער:
די טאַרבע פאַרלאַטען.

דאָך, גיט, וואָס פאַרגיטיקט,
אַ זינד איז — אָפּלייגן;
דערמאָנונגען מאָנען,
לאַנג-דויערנדען שווייגן.

## הונדערט און איינמאָל

שוין הונדערט און איינמאָל גע׳חזר׳ט,
געדענק איך, אַלץ קלאָר פון קינדווייז;
נאָר איינמאָל, איך האָב זיך פאַרגעסן,
אַזוי האָט געטראָפן אַ גרייז.

נאָר, היינט איז מיר שווער דאָס דערמאָנען,
ווי טאָן איצט אַ יונגינקן שפּרייז;
ווער שוואַכט אָפּ, מיר דאַכט אין זכרון,
וואו היט מען זיך אויס פון אַ גרייז?

# אויפן וואָג-שאָל

דערהויבונג און דערנידערונג —
וואָס אַנונגען זיך מאָל ?
אַ ליידיקע וואָג-שאָל אַרויף —
אַראָפּ — אַ פולע וואָג-שאָל.

ציט אַנדערש דען, וואָס ענלאַכקייט,
וואָס גייט, ווי אַ רויך אויף ?
און ווי אַ פּלעווע, וואָס איז גרינג,
דער חצוף שפּרינגט אַרויף.

נו, קען געמאָלט זיין, ציט פּאַרקערט,
ווי די וואָג ציט דאָס פּונט ?
און שטויב איז פריער אויך אין הייך,
מיטן ערשטן בלאָז-ווינט.

נאָר, שפּייזט הען נישט די ערד, מיין וועלט,
וואָס וואָרצלט זיך אין טיף ?
און פאַר אַ שטורם אויפן ים —
פאַראַנקערט זיך אַ שיף . . .

* *
*

פון אַלע אויסלאַכונגען פון דער וועלט
און סיי מיט קרומען שמייכל, זיך נאָך פאַרשטעלט ;
און שפּאָט, וואָס גוידערט זיך אויף גראָבן געמב,
שאַדט בלויז, ווי אַ קאָהע־קנייטש שאַדט דעם דעמב...

שיילט זיך, די קאָרע־שאָל, פון רעגן און ווינט,
נאָר, דער פאַרהאַרטעווועטער דעמב איז געזונט ;
און ס׳לעבן קרעפטיקט זיך פיל שטאַרקער אין ציל,
ווען שפּאָט, פאַרשפּעט, ווי יעדער אוממענטש וויל...

* *
*

פון אַלע אומצייטיקע פרוכטן,
די צייט מאַכט זיי רייף און צייטיק;
נאָר, ווי מיין מי כ'זאָל נישט פאַרגלייכן,
איז אָדער צו־מערב'יק צו־איילִיק...

נאָר, ווער אין דער וועלט לוינט צו וויסן,
וואָס גאַליקייט טוט דערוויל אויסצערן?
אָ, וויפיל פריצייטיק געניסן!
מיין מי, זאָל שפּעט־צייטיק כאָטש ווערן...

## דער אָפּשיין

גוט איז דער אָפּשיין אין פינסטער,
וואָס לויכט זיך אַריין;
ווי וואָלט די וועלט אויסגעזען,
ביינאַכט אָן אָפּשיין?

נאָר, דאָס קען אַ זון אָפּשיינען,
אַ לבנה ביינאַכט;
און דאָרט קען אַ שטערן פינקלען
און נאָנט זיך, מיר דאַכט.

דאָך אַלץ, וואָס אַ זון אָפּשפּיגלט,
ווערט אויך שיין דערפון;
כאָטש זילבער שיינט אָפּ, די לבנה,
פון גאָלד, פון דער זון.

שלאָגט אָפּ, דער אָפּשיין, נאָך ווייטער,
פון לבנה אַרום;
זאָל כאָטש מיין זעל מיר באַלויכטן
דעם וועג, וואָס איז קרום.

## אין ווענעמס וואוינונג

אין ווענעמס וואוינונג בליען בלומען,
וואָס בלומען־טעפּ ביים פענסטער בליען ?
שמעקט פרילינג דופטן און פאַרפומען,
און וואַזאָנען פריש־אָטעם ציען.

באַנייט דער מאָרגן, היינטיק וויאַנען
און איבערמאָרגן — טוישט אַ צווייטן ;
און פאָרן הויז איז נאָך פאַראַנען
אַ גאַנצער גאָרטן אויסצובייטן.

גייט ס'ליבע לעבן דאָרט געאָרעמט,
אין שענסטן פּאַלאַץ זיך פאַרקליבן ;
קילט זומער אָפּ און ווינטער וואַרעמט,
אין הארבסט אַפילו זיך פאַרליבן.

שמעקט פרילינג דאָרט, ביז גרינע פלויטן,
ביז הינטער שטאַכעכץ שטרויכלונגס־גריבער—
נאָר ווי אַ לאַטע אויף די נויטן :
שיינט אָרעמען „זייער פרילינג" איבער...

## פרעמד

וואָס זיינען מיר פרעמד,
פון וואוינונג די ווענט ?
דערקען נישט אין נאָנט,
וואָס עמיצער מאָנט —
איז ס'וואוינונג נישט מיין,
וואָס מאָנט מיך אַליין ?

וואָס זיינען מיר פרעמד,
די אייגענע הענט ?
דערקען זיי נישט מער,
פאַרמאַזאַליעטע שווער —
וואָס לאַסט, ווער באַשווערט,
ווער איז, מיין מי ווערט ?

וואָס זיינען מיר פרעמד,
דאָס לייב און מיין העמד ?
נאָר, איינס איך פאַרבייט,
דאָס צווייטע פאַרגייט —
אוי, בלוט און געביין !
וואָס פליסט אַזאַ פיין ?

## הענגעל-בריקן

מיינע שפעטערדיקע גליקן,
לאָז איך אויף די הענגעל-בריקן ;
זאָלן זיי זיך דאָרטן פלעכטן,
ניט אויסלאָזן זיך, ווי נעכטן.

וויל איך פאַראויס ניט דערמאָנען,
וואו אַהין עס פירט, ביז וואַנען ;
און די בריקן נאָנט פון טיפן,
פירן ווייטער צו די שיפן.

נאָר, ניט זיכער פון אָפּגרונטן,
וואַקלען זיך די בריקן אונטן ;
און די גליקן, מיר צערינען,
וואָס אין פאַראויס זיך געשפּינען.

## גרינג-שעצער

גרינג-שעצער און הויך-שעצער
בייטן דעם באַגריף;
וואָס אויגן-בליק, קען דאַכטן,
ווי פלאַך איז, ווי טיף.

נאָר, היינט אויף איבער מאָרגן
קען זיך טועה זיין;
באַגלייט דען שטענדיק ס'לעבן —
שאָטן הינטער שיין?

פאָראויס, ווען ס'האָט געבלוטיקט
דאָרנדיקער וועג?
האָט אָפּגעקערט די דערנער
פריער, פון זיין שטעג.

פאָראויס, ווען ס'האָט געקלונגען
שפּאָרן פאַר די טריט?
איז ווידער־קול פאַרגאַנגען
ווייטער אַ פּאָר שריט.

און פאַלן שיין און שאָטן
גלייך אויף גלייך צעגויף;
טרעפט, היינט געשאַצט פאַר ווערטלאָז,
שטייגט ערשט מאָרגן אויף.

ווען, טרעפט נישט היינט צי מאָרגן
שטרויכלט זיך אין גאַנג?
וואו נעכטיקט נישט דער שאָטן
אונטער אַ פאָרהאַנג?

פאַרבלייכט דער גלאַנץ פון נעכטן
אונטער וועמענס שילד;
און היינט, אויף איבער מאָרגן
וועלכער שאַצער גילט?

## הינטערוויילעכץ

הינטערוויילעכץ, הינטערוויילעכץ,
ווער גייט אוים אין גאָט׳ם געבעט?
נאָר, וואו גאָט איז אויסגעגאַנגען,
ווייסט קיין ווינט ניט, וואו פאַרוויייעט.

דריי איך זיך אוים, הינטער רוקן,
זוך אַ שאָטן, וואו פאַרשווינט;
און וואו גאָט איז אויסגעגאַנגען,
ווייסט קיין קינד נישט און קיין רינד.

קער איך זיך אָפּ, מיין גאַנץ וועזן,
וואָס איך האָב צו גאָט גענענט;
אפשר האָט מיין אור־אור־זיידע
מיט זיין אָפּגאָט אים פאַרלענט.

האָט שטאָט׳ם גאָט זיך אַ הערשער
איבער אַלע אויסגעוועלט;
נאָר, פאַרטיליקט איז געוואָרן
פאַר זיין רשעות אויף דער וועלט.

נאָר, ווער גיט נאָך האר און קעניג
הינטערוויילעכץ זיך אַ נויג?
וועמענס פינפטער ראָד צום וואָגן —
פירט די וועלט, ווי אַ בלינד אויג...

## וואו איז

וואו איז גאָט׳ס וואוינונג,
און וואו איז מיין הויז?
אָ, הימל און ערד!
ווער זאָגט מיר דאָס אוים?

וואוינט גאָט אין הימל,
ווי איך אויף דער ערד;
נאָר, ווער האָט וועמען
צו קומען פאַרווערט?

וואוינט גאָט אומעטום,
צי איז עס דען זיין?
און דאָ, וואו איך וואוין,
צי איז עס דען מיין?

וואו איז גאָט׳ס וואוינונג,
ווער, וועם נישט געטרויט?
אָ, הימל און ערד!
ווער האָט דאָס געבויט?

## גאָט׳ס גרענעץ

אַ וועלט אַן פרייען געדאַנק,
וואָס וואָלט די וועלט געבוירן?
און אָן מאַגנעטישע קראַפט,
וואו וואָלט איך זיך פאַרלוירן?

נאָר, ס׳לעבן איז צו דער וועלט,
ווי מאַגנעט צוגעצויגן;
קיין מאַכט באַצווינגט דעם מענטשנ׳ס גייסט,
גאָט׳ס גרענעץ איבערגעפלויגן . . .

## איך האָב אָנגעוואוירן

וואָס איך האָב אָנגעוואוירן, די פּערל פון ים?
דער ים איז ניט מיין;
און דעם, וואָס איך היט אָפּ, די אוצרות פון דער ערד,
די ערד, איז ניט זיין. — —

און די, וואָס איך פוץ אוים, מיט בריליאַנטן דער וועלט,
זיי זיינען נישט ווערט;
דערפאַר האָב איך אָנגעוואוירן מיין גאָט, וואָס באַלויינט
אַ טויטן אין דער ערד.

האָט תרח געדינט צו די אָפּגעטער אַמאָל —
נו, ווער איז דאָס באַנג?
נאָר, וועלכער אָפּגאָט טוט מיך פאַרשקלאַפן, ביז היינט,
אַ קרבן פון לאַנג?...

## צו דען?

איך האָב אַ סך געפּרואווט
און קנאַפּ האָט עס געגאָלטן;
צו דען, מיין מזל שלאָפט?
און וואַכנדיק פאַרשאָלטן.

און וויפיל איך ווער אָן,
טוט מיך די נויט פאַרשעמען;
נאָר טויזנטער, וואָס טאָן?
ווער ליידט זיך אָן פון וועמען?

# וואַל-טאָג

הײַנט איז אַ יום-טוב — אַ וואַל-טאָג,
שטאָט און שטעטל און דאָרף;
קלויבן זיך אוים אַ געוויילטן,
נאָר, נישט פאַר מיין באַדאָרף.

וועט זיך מיין וואַל-רעכט ניט ציילן,
וואָס ניט איינשטימיג בין;
און מיין בירגערשאַפט אָפּהיטן,
טראַכטן וועט ווער — אומזין.

קען ווער מיין שטים-רעכט פאַרוואַרפן,
וואָס בייזוויליק זיך טראַכט;
און פרעמד וועט אַ וועכטער קוקן,
היטן מיט אַ פאַרדאַכט.

נאָר, סײַ ווי וועל איך ניט טרויען
דעם דערוויילטן אין לאַנד;
וואָס וויל ניט די נויט אָפּשאַפן,
איז סיי ווי ניט אומשטאַנד.

הײַנט איז אַ יום-טוב — אַ וואַל-טאָג,
ווער מיין שטימע דען ציילט?
נאָר, איך צייל מיט אַלע נויטן,
כאָטש כ'האָב קיינעם דערוויילט...

## דער דינער

דער דינער. פֿאַרן הויז ער קערט,
שערט אָפּ, דאָס גראָז גלייך, אויף דער ערד;
שפּריצט אוים, וואַשט אָפּ דעם טראָטואַר,
און אַלע טאָג באַדינט זיין האַר.

דער דינער, ווען אַהיים קומט אָן,
ניטאָ וואו אַ קער זיך צו טאָן;
אין הויז זיין הינטער־שטוב איז קליין,
נישט אויפגערוימט איז ער אַליין.

איז ענג דעם דינער, וואָס אַלץ קערט,
וואָס מער גערוימער דעם האַר ווערט;
דער דינער, דערצו, איילט געשווינדט,
צוזאַמען קערן, כאַטש דעם ווינט.

## דער זייגער איז גלייך

וואָס צי איך אָן, צי אָן און צי,
וואָס ווייזט מיר, ווי שפּעט איז און פרי?
דער זייגער, דער זייגער מוז גיין!
און מיד קען איך ווערן אַליין.

איך פּרואוו צו פֿאַרדרייען די צייט,
נו, וואָס וועט מען זאָגן, „פֿאַרדרייט“!
צוריק אַ קינד ווערט ניט דער גרייז,
וואָס פרי איז און שפּעט איז, איך ווייס.

איך מוז שוין צורעכענען היינט,
אַפילו דער טאָג מיר ניט שיינט —
דער מענטש, איז נאָר אָרעם און רייך,
דער זייגער, דער זייגער גייט גלייך.

# דער גבור

אין דעם גבור ליגט דאָס אייזן,
וואָס גבורה קען באַווייזן;
כוח און קראַפט קען דאָס צעבויגן
און ווי אַ רצועה לייגן.

קען אין האַנט אַ קייט צערייסן,
נעגל מיט די ציין צעבייסן;
און געוויכטער שווערע, צילן,
ווי מיט פּילקעס גרינג זיך שפּילן.

נאָר, די וואונדער פון די „קונצן“,
מען פאַרקויפט דאָס אויף די אונצן;
קען אַ קריץ טאָן מיט די ציינער,
איז אין וועלט אַ גבור איינער.

נאָר, וואָס נוצן די רעקלאַמען,
ווען גבורה איז נישט צוזאַמען;
און דעם אָרעמען און רייכן
קען דער גבור נישט אויסגלייכן.

# אַ פריינט מען דערקענט

אַ פריינט אין אַ נויט מען דערקענט,
וויפיל מאָל איך האָב אים געזוכט;
דער פריינט איז געבליבן מיר פרעמד.

דורך נעכט און פאַרנעבלטע טעג,
מיין פריינט כ׳האָב געהאַט אַלץ אין זין;
קען זיין האָט פאַרבלאָנדזשעט אין וועג.

נישט איינמאָל מיין האַרץ האָט געבענקט,
עס איז נישט געקומען מיין פריינט;
האָט אפשר אַ פּוס אויסגעלענקט.

נאָר, שווערעס צו טראַכטן, וואָס טויג,
אַ גרינגערע זאַך איז גענוג;
אַ שטויב איז אַריין אין זיין אויג.

נאָר, קראַנק בין געווען אַליין
צו גיין וואו זוכן מיין פריינט;
ער האָט בלויז פאַרגעסן קען זיין . . .

## מיין געבורט-שטעטל

מיין היים, מיין געבורטס-אָרט, מיין שטעטל,
אַ ווינקל פון שטאָט וואָלט פאַרשטעקט;
נאָר, חוץ ווי דער צלם פון קלויסטער,
וואָלט גאָר ניט אַרוים זיך געשטרעקט.

דאָך, גלייך מיט דער גרויס פּונם שטיבל,
האָט הייזל מיט מענטש זיך געקענט;
געפּאַסט זיך, ווי גאַליק געוואקסן —
און ווער איז געווען אָפּגעפרעמדט?

איז היימלאַך געווען אין מיין שטעטל,
ווען'ס קוימען געבלאָזן זיך הויך?
און ווער האָט זיך העכער געהאַלטן,
און נישט מיטן דאָרף-מענטש צוגלייך?

נאָר, שטאָט-מענטש דעם קאָפּ מוז פאַררייסן,
ביז וויפילטן גאָרן דערגרייכט?
כאָטש אונטער איין דאַך, וויפיל וואוינען —
די שיין, פאַר אַ פרעמדע טיר בלייבט...

# די בלינד געוואָרענע מאַמע

די בלינד-געוואָרענע מאַמע,
האָט אויסגערונען די אויגן;
די אויגן-דעקלאַך זיך קלעפּן,
ווי נעבלען, העננגען פאַרצויגן.

קען נישט דעם נעבל צעשאַרן,
אַ שיין אין וואָלקן געפינען;
אַזוי די הייטלאַך פאַרלאָפן,
פאַרטריקענען אויס, איר ברונען.

נויט זי זיך, צוריק צום זען,
נעמט מער קיין שיין זיך ניט ווייזן;
איר אויגן-שיין, מיט די קינדער,
אַוועק איז, מיט זייער פאַררייזן.

גייט זי, צום בילד זייערם קוקן,
אין פלאַם, די הייטלאַך איר ברענען;
די קינדער, איבער די ימים,
וואָלט זי שוין נאָנט ניט דערקענען.

כאַפּט זי אַ בריוו זייערם לייענען,
טוט אַלץ, איר קלעפּיקס פאַרהענגען;
און ווייטע שטרעקען, איר טונקלען,
וואָס די בריוו-טרעגער איר ברענגען.

לעשט זיך, אָן פאַרב, די קינבאַקן,
די הייטלאַך, וואָס אַמאָל טריבער;
לייענט איר אַ פרעמדער אַ בריוול,
פרעגט זי אַלץ איבער און איבער.

שפּיצט זי אַזוי אויף די אויערן,
דאַכט זיך, אַזוי איז איר גרינגער;
נאָר ווען ווען עמענס, דאָס בריוול
באַטאַפּן קנאָכיקע פינגער..

## דאָס אינגל מיטן אָרעם

דאָס אינגל, מיט צעבראָכענעם אָרעם,
איז רואיק געלעגן זיך שטיל;
און האָט פון זיין האַנט זיך געזעגנט,
וואָס האָט ניט געטראָפן אין ציל.

עס האָט אים אַ „פוט־באָל" געטראָפן,
אַ קנאַק אינם קנעכל, אין ביין;
און האָט פון דעם שפּיל זיך געזעגנט,
געמאַכט זיך פאַרגעסן זיין פּיין.

האָט קרום ער געטאָן זיך אַ שמייכל,
פאַרשעמט זיך, ווי שולדיק געפילט;
האָט איבערגעשפּעט, אַ געלעכטער:
דאָס אינגל, עס האָט שוין פאַרשפּילט.

צום האַלדז צוגעבונדן זיין אָרעם,
פאַרבונדן אַרויף, מיט אַ באַנד;
איז ליידיק זיין אַרבל געהאָנגען,
און אונטערן מאַנטל, זיין האַנט.

דאָס אינגל, מיט צעבראָכענעם אָרעם,
מען האָט אים אין שפּיטאָל געבראַכט;
און האָט פון זיין האַנט זיך געזעגנט,
פון שלאָף, פאַר יסורים געוואַכט.

# רויט און גרין

ניט פאר פערד קיין בייטשן
אין דער לופטן קנאלן;
בלויז אזוינע לעמפלאך
גיבן די סיגנאלן.

רויטע, גרינע לעמפלאך
עלעקטריש פארצויגן;
לעשן זיך און צינדן
פייערדיקע אויגן.

בייט זיך גרין אויף רויטן,
שרעקט געפאר א צייכן;
וואס קיין פערד און וועגן
וואלטן ניט דערגרייכן...

בייט זיך רויט אויף גרינעם.
יאגן שוין פון ווייטן;
וואס אפילו שדים
קענען ניט נאכרייטן...

טרובען אויטאמאבילן,
ווילדער אלץ זיך טראגן;
וואס אפילו יאגד-הינט
קענען ניט נאכיאגן...

ווינקען פייער אויגן,
בייטן זיך די פלאמען;
קען זיך, וואס נאך טרעפן —
גרין מיט רויט צוזאמען...

# דער טרעפיק

די גאַס האָט געווימלט, ווי ווילד אין געיעג,
געשטופּט און געשטויסן זיך ענג;
ביז אויפן טראָטואַר, געשפּאַרט האָט דער וועג,
געוואָרפן אַרויף דאָס געדרענג.

מיט קולות און קללות, פול צאָרן און האַס,
געיאָגט האָט דער וועג און געדראָט;
דער וועג האָט געוואָרפן אַ שרעק אויף דער גאַס,
די גאַס האָט געשראָקן די שטאָט.

אין מיטן האָט עמיץ געשפּאַנט זיך, ווי פרעמד,
מיט טריט אַזוי שווער אינם פיין;
אין גאַנצן געטומל ניט קיינעם דערקענט
און ווייט זיך פאַרטראַכט געלאָזט גיין.

אַ שטופּ און אַ שטויס, האָט צעמישט זיין געדאַנק,
אַזוי, ווי פאַראירט זיך געשפּרייזט;
דאָס האַווּעניש האָט זיך געצויגן נאָך לאַנג,
אַרום אין דעם טומל געקרייזט.

אַ קופּע צוגעדריקט, מיט אַמאָל האָט ס'געיעג,
געטוּמלט ביים טראָטואַר, ביים וואַנט;
דער „טרעפיק", ער האָט שוין געוואָרנט פאַרן וועג,
קיין פוס-טריט אַהערצו געשפּאַנט.

דער „טרעפיק", די וועגן, וואָס היט און וואָס ווייזט,
אַ פלאַם אָנגעצונדן האָט רויט —
אַהינצו, צום דול-הויז, עס האָט וועך געשפּרייזט
און וועך צום בית-עולם פון טויט...

# איך זינג

איך זינג פון מיין לעבן
און וואָס איך וויל זינגען;
פון אַלץ אין דער וועלט, נאָר
פון קיינעם געדינגען.

איך פּרואוו אויס די סטרונע,
דעם טאָן אַרויסקריגן;
אַ שלייף און אַ פּוץ אויס,
וואָס פּאַסט זיך צום ניגון.

אַ בליק און אַ שיין אָפּ —
און איבערגעגאַנגען;
אַ ריר און אַ רעג זיך,
עס שפּרודלט מיט קלאַנגען.

אַ פּיין אין סטרונע —
זיך בייטן געפילן;
אַ פרייד, און עס טאַנצט זיך
די פרייד צו צעשפּילן.

און העלט זיך און שאָטנט
דער שיין פון די אויגן;
עס רירט אָן די סטרונע
דעם ציטער פון בויגן.

סיי האַרב און סיי ביטער,
סיי זיסער, סיי זויער;
אַ פרייד אין אַ רגע
פאַרגעסט זיך אָן טרויער.

סיי פֿלאַכן, סיי טיפֿן,
וואו קוואַלן נאָר פֿליסן;
עס שטראָמט זיך און קוועלט זיך
דער קלאַנג צו פֿאַרזיסן.

סיי נאָנטן, סיי ווייטן,
וואו מערקסט קוים אַ צייכן;
עס ציט זיך די סטרונע
דעם קלאַנג צו דערגרייכן.

איך זינג פֿון מיין לעבן
און וואָס איך וויל זינגען;
פֿון אַלץ אין דער וועלט, נאָר
פֿון קיינעם געדינגען.

## מיר ווילן

מיר ווילן, ווילן, ווילן,
דאָס לעבן איז ווילן;
און וויפֿיל מיר פֿאַרשפּילן,
איז נאָך אַמאָל צילן.

מיר ווילן און מיר וועלן,
וואָס שענער געפֿעלן;
און וויפֿיל, זיך איינשטעלן —
און נאָך אַמאָל וועלן.

מיר ווילן אַזוי ווערן,
גאָר מאָרגן, נאָך יונגער;
פֿון היינט, דעם וועג, אַ שווערן —
מיר טרעטן אוים גרינגער.

## דאָס ביליקע געפין

אַ וואָרט, אַזוי גרויס ווי אַ פּערל,
אַ וואָרט, ווי אַ דימענטל בלאַנק;
דאָס כאַפּט זיך אַרויס, פון די ווערטער
און גייט מיר אַרויס, פון געדאַנק.

און זוך איך און וויל זיך דערמאָנען,
וואָס איז מיר אַרויס פונם זין;
און איך האָב פאַרגעסן, פאַרלוירן,
דאָס ביליקע וואָרט, איך געפין.

## די לבנה

רייד נישט אַריין אין די רייד,
קענסט נישט צוקלעפן אַ וואָרט;
קענסט בלויז פאַרפלעקן אַ שיין —
און בלויז פאַרשטעלן אַן אָרט.

די לבנה טוט אויך אַזוי,
פאַרשטעלט אויך אַמאָל די זון;
נאָר וויפיל נאַרישקייט האָט
די וועלט געפלוידערט דערפון...

## פּלעווּעס

ווערטער, וואָס פאַלן אַרויס,
פון קעל אויף דער ליפּ;
גליטשן אַראָפּ זיך פון צונג,
ווי זאַמד דורך אַ זיפּ.

ניט קיין געקליבענע רייד,
ניט קלעפּט זיך דערין;
פּלעווּעס פון אויבן, וואָס בלייבט,
פאַר מיסט איז צו דין...

## איבערבלייבאַכץ

איבערגעבליבענע ציגל,
עמיצן קען ניצן;
און פון אַן איבער-מאָס אין קריגל,
פון געדאַנק צעשפּריצן.

איבערגעבליבענע טייגאַכץ,
יערט כאָטש אויף דעם זויער;
פון געדאַנק אַן איבערבלייבאַכץ,
ווערט דער שיין פיל גרויער.

איבערגעבליבענע ווערטער,
וואַרף אַרויס צו ווינטן;
ווען ניין-מאָס-רייד האָבן ערטער,
פּלוידער-זעק ביז אונטן.

## די וועלט

די וועלט איז פול מיט טאַדל,
מיט זידל און מיט שנידל;
ווי אַ מאַרק-קראַם און בײַדל.

דער מינדסטער און געמיינסטער,
פאַררייסט דעם קאָפּ אָן רייסטער;
ווי ס׳האַרץ אין קרעמער׳ס טײַסטער.

ווען׳ס בייזער רוח צעבלאָזן,
די תוכחה אויסלאָזן;
ווי פוקס פאַרצוקט די האָזן.

ווער קען די וועלט אָפּשפּאַרן?
קיין רידל קען אָפּשאַרן,
וואָס פאַלשע רייד אָפּנאַרן.

## גומענע רייד

דער רימט זיך אַל-דערוויל —
דער ליגענט זאָגט אַ מייל —
בלויז דער אַזוי הייבט אָן
און דער ציט אויס דעם טאָן.

דאָס ציט זיך ביז אַ האָר,
ווי גומע, גומע גאָר;
נישט ווערט אין רייד געשאַצט —
ביז גאָר אַזוי עס פּלאַצט.

## וואָס ווילט זיך

וואָס ווילט זיך מער זעען
און ווינציקער הערן?
רייד קענען באַריידן —
און פריינט נאָך אוים ווערן.

נאָר, ווער וויל פאַרווערן
דעם פלאַפּלער צו פּלוישן?
קען שפּאַס אַריינפאַלן
אין ערנסטן לשון.

קען אומזין אויסריידן,
זיך גיפטן צעשפּריצן;
און האַרץ קען נישט רוען,
אין קריג זיך צעהיצן.

נאָר, ווער וויל פאַרווערן
און ווער וויל אַנטשיידן?
וואָס פּלאַפּלערס צעפּלוישן
און טויטע באַריידן.

ווען׳ס אויג קען מער זעען,
ווי ס׳אויער קען הערן?
נאָר, בייזע צונג׳ס שווייגן —
וואָס שרעקט דאָס צו ווערן?

## דאָס גליק

דאָס גליק, גייט דורך אַלע פראָנט־וועגן
און קינד און קייט גיט שוין צו וויסן;
גייט דער אָן אַ מזל, הינטער־וועגן —
און שעמט זיך, דאָס גליק צו גריסן.

דאָס גליק, גייט דורך אַלע פראָנט־גאַסן,
ביז אויבן־אָן טוט זיך פאַרנעמען;
גייט דער אָן אַ מזל, הינטער־גאַסן,
עס זאָל אים דאָס גליק ניט פאַרשעמען.

## וואָס גרעסער

וואָס גרעסער די וועלט איז,
מער מאַגנעטישער ציט;
וואָס גרעסער דער מענטש איז,
אַלץ מייסטערדיקער שמידט.

די וועלט ציט, איר גלייך קראַפט,
דאָס אַרומיקע אַרום;
ווער ציט צו און שטויסט אָפּ?
דער מענטש, גייט אַמאָל קרום.

ווער דינט צו זיין „גרויס־מאַכט“,
וואָס צווינגט צו, מיט דער קנוט?
נאָך ערגער, ווי גאָט׳ס שטראָף,
ווער ס׳גלויבט ניט אין זיין רוט...

## פון דער פּראַנט

די פּראַנט־גאַסן אַזוי טומלען
און די הינטער־גאַסן דרימלען;
און אַנדערע שטיל, גאָר שווייגן,
ווער עס קען צום פּראַנט ניט שטייגן.

נאָר די ווייטע, גרויסע שטערן
טוען קליינע ניט פאַרוועהרן;
פון דעם נאָנטן פּראַנט צו פינקלען,
כאָטש אַנטקעגן זיי, גאָר טונקלען.

## די וועלט זאָגט נאָך

די וועלט זאָגט נאָך —
דער סופליאָר אין דער שטיל,
די אַקטיאָרן אינם שפּיל;
שפּילט נאָך די בינע, דער וועלט,
די קאָמעדיע, וואָס געפעלט!

שפּילט נאָך, די ליבע באַשיידט,
אַ טאַנץ אַזאַ, דרייט זיך, דרייט;
מיט פּראָסטע פאַרב, צו באַקראַנצט,
און מיידל, אינגל אַזוי טאַנצט —
טאַנצן נאָך די וועלט.

דרייט זיך צוריק, דער גרויער גרייז,
אין קינד׳ס אַ טריט, אין קינד׳ס אַ שפּרייז;
לאָזט זיך די קאָמעדיע אויס,
שפּילט זיך, אַ טראַגעדיע בלויז —
די וועלט זאָגט נאָך...

## געוואוינהייט

אַמאָל האָט די אַלטע געוואוינהייט
די קינדערשע וויקעלאַך געבונדן;
ביז וואַן, האָט די ראיה פאַרלוירן —
און פירט זיך אַרום מיט אַ בלינדן.

עס שפּילט זיך אַזוי, די געוואוינהייט,
געוואוינט צו, אַ פּיצל קינד גרינגער;
נאָר, שווער איז צוריק אָפּגעוויינען —
און „צוציקל" נאָגט זיך אַ פינגער.

עס ציט שוין אַזוי די געוואוינהייט
און קאַרליקלאַך טרעפט זי, און ריזן;
און טאַנצט שוין, גאָר אויסערגעווייגלאַך,
מיט זעלטענע ווילדע קאַפּריזן.

און ווייטער, זי מאַכט אַ געפילדער,
וואָס נאַרישקייט, זי טוט פאַרמאָגן;
נאָר, ווערימדיק פאַלט זיך אַן עפּל,
וואָס שלעכטעס געוואוינט זיך צו טראָגן...

## קליין נאָך גרויס

די וועלט איז שוין אַזוי,
לויפט נאָך קליין נאָך גרויס;
נו, ווער בלייבט הינטערשטעליק?
און ווער לויפט פאָראויס?

דער מענטש איז שוין אַזוי,
שרייט נאָך, קליין נאָך גרויס;
נאָר, ווער שווייגט מער ווי שרייט?
נו, וועם הערט מען אויס?

## דער שכל

דער שכל, ער לאָזט זיך ניט מעסטן
און קען דיך אָפּנאַרן צום מאָל;
קען האַלטן אין די הענט אַן אַרשין
און קען ניט געפינען אַ צאָל.

נאָר איידער וואָס־ווען — טוסט אויספייען
צוזאַמען צוליגן די אייל, —
פאַרקריכט זיך, פאַרפליט זיך דער שכל
אויף צענדליקע, הונדערטע מייל.

## אַ גוט וואָרט

אַ גוט וואָרט איז ווערט
צום עפּאָס אַ גראָם;
באַפּעפּער, באַזאַלץ
און בראָק צו אַ טעם.

אַ גוט וואָרט איז ווערט
אוודאי אַ סטראָף;
ווער זאָגט עס נישט נאָך
פון אָנהויב ביז סוף?

אַ גוט וואָרט איז ווערט
מסתמא אַ ליד;
און וואָס זיך געדענקט,
פאַרגעסט זיך שוין ניט.

ווער איז דען מקפיד
פון אָנפאַנג ביז ענד?
און דער, וואָס איז שטום —
רעדט נאָך מיט די הענט.

## „נאַשפּיץ“

אויפן שפּיץ הענגט די שילד פון רעקלאַמע,
אַרויף צו, עס שווינדלען די אויגן;
דער ווינט וויגט, וואָס העכער אַ שטאַפּל,
די לייטער, זי שטייט איינגעבויגן.

ווער קען זיך אַן טורעם אָנשפּאַרן?
ביז וואַנען „נאַשפּיץ“ זיך דערהויבן;
דער פוס קען פאַרלירן דעם באָדן —
און פאַלט, דורך אַן אָפּגרונט, פון אויבן.

## שפּיץ-הויך

אויף יעדן שפּיץ-הויך,
וואָס דרייט זיך אַרום?
אַמאָל איז עס רויך,
אַמאָל איז עס רום.

ביים קוימען אין הויך,
נאָך איינגעריסט ווערט;
דאָרט דרייט זיך דער רויך,
דער קוימען-קערער קערט.

אויף העכסטן שפּיץ-דאַך,
פאַר צוויי פיס איז קליין;
און איין פוס איז שוואַך,
וואָס לאַנג קען ניט שטיין.

פון שפּיץ-באַרג זיך גליטשט,
פאַרלירסט דיך אין גאַנג;
ביים טורעם אויפ'ן שפּיץ,
דערגרייכט בלויז אַ שטאַנג.

## פלאָנטערס

פלאָנטערן, פאַרקניפּן,
פאַרציען און פאַרדרייען;
האַטשיקלאַך פאַרטשעפּען,
מעגסט „פּעקעלקעס" פאַרנייען.

צוועגעלאַך באַצווינגען,
וואָס דרעטעלאַך זיך בויגן;
גלעקעלאַך צעקלינגען,
וואָס זעסט נישט מיט די אויגן.

העקעלאַך פאַרקלאַמערן,
וואָס שנירעלאַך פאַרשנירן;
העמערלאַך זיך האַמערן,
וואָס פלאָנטערלאַך פאַרפירן.

## פלאָנטערס

פלאָנטערן, פאַרוואָרן,
ווי „לעזיוואָל" *) דאָס גאָרן;
ווער קען דעם פלאָנטער געפינען,
קען פריער איבערשפּינען.

נאַר, ווילסטו פּילקעס צילן
און זיך מיט קנוילן שפּילן, —
טו, נעם די פלאָנטערס צופּן,
ביז וועסט אַמאָל אויפקניפּן...

*) לעזיוואָל — דאָס אָפּפאַל פון וועבן.

## אַ פאַרזשאַווערטע שפּילקע

אַ פרײַנט, כ'בין געגאַנגען אַנטקעגן,
איך האָב נאָכגעזוכט און געפרעגט;
געבליבן אין וועג איז ער שטעקן,
און איך האָב אומזיסט זיך גערעגט.

געטראָפן, אַ פאַרזשאַווערטע שפּילקע,
אַזוי מיטן שפּיץ אין דער ערד;
דאָס קעפּל, געבלאַנקט האָט פון אויבן:
דאָס פרײַנטשאַפט, וואָס האָט אַזאַ ווערט.

## אויף איין פוס

וואָס שלעפּסטו? כ'שלעפּ אַ קראַנקן פוס;
וואָס טראָגסטו? כ'טראָג אַ מידע האַנט;
וואָס בינדסטו? כ'בינד מיר צו אַ וואונד,
מיר דאַכט, עס פאַלט שוין אַלץ באַנאַנד.

זאָגט, אפשר קריגט מען ערגעץ וואו?
איך גיי באַשטעלן מיר אַ פוס;
זאָל ביז שפּיץ-פינגער פליסן בלוט,
ווי אין אַ שטראָם אַרײַן דער פלוס.

זאָג, אפשר קריגט מען גאָר געקויפט,
אַ גאַנצן לעבן גאָר אויפסניי?
טאָ, נישט פאַרגעס, אויף אָפּצאָל קריג,
איך באָרג פאַר קראַנקהייט, סײַ ווי סײַ.

## עס טרעפט

עס טרעפט אַ געפיל,
אַ נאַרישקייט זינגט —
ווער האָט מיך אין זין?
אַן אויער מיר קלינגט.

עס טרעפט אַ געמיט,
וואָס שווער דערצו גראַמט —
ווער רעדט פון מיר שלעכטס?
אַן אויער מיר פלאַמט.

עס טרעפט אַ געבעט
אַריין אין דער וואַנט —
ווער גיט כאָטש אַ „געב"?
פון לינק אויס אַ האַנט.

עס טרעפט אומגעריכט
און ריכטיק געפאַסט;
דאָס קעצל זיך וואַשט —
וועט קומען אַ גאַסט.

## ווי וואָלט געווען

קום מיך נישט זען,
ווען שלעכט איך פיל;
ווי וואָלט געווען,
ווען שלעכט איך שפּיל.

די נייעס צעטראָגט,
פאַר שפּאַס אַ פריינט;
צום שפּאָט פאַרלאַכט,
ווען ס'הערט אַ פיינט.

## פּלוצלינג

דאָס גרינגסטע און שווערסטע טרעפט פּלוצלינג,
אַ וויץ האָט געטראָפן אַ וויצלינג;
דאָס גרינגע, ער האָט בלויז געטראָפן,
דאָס שווערע, איז ווייטער געלאָפן.

געשטעלט אויפן קאָפּ, האָט זיך וויצלינג,
באַנומען דאָס שווערע האָט פּלוצלינג;
אַ מעשה׳לע איז זיך פאַרלאָפן,
ער האָט מיט אַ שטיין זיך געטראָפן...

## אַ נ ט י ק ן

וויפיל ביליקע אַנטיקן
שטעלן אָפּ די מענטשן קוקן? —
פאַראַן טייערע באַזונדער,
שטעלן נישט אָפּ אויף די וואונדער.

נאַר, אַ מבין קען דערקענען,
וועט אוודאי ניט פאַרשעמען;
ווער, די טייערע דען קריגן?
גייען אוועק, לאָזן ליגן.

און די קלוגערע פאַרשטייען,
וואָס די נאַרישע זיך פרייען;
נאַרן זיך אָפּ אין פאַרגלייכן —
און דאָס עכטע ניט דערגרייכן.

## אַמאָל און היינט

אַמאָל איז אַ הויז געווען קליין,
אַ קאַרליק דורכן טיר איז אַריין;
און איז דורך אַ בוידעם אַרויס,
געווען איז ער העכער פון הויז.

נאָר, היינט זעסט קיין ריז נישט אַרויס,
ווער קען זיך נאָר מעסטן אין גרויס?
אַ קאַרליק אויף העכסטן שטאָק וואוינט,
קיין ריז וואָלט די פּיס אָפּגעשוינט.

מעג העכער ווער זיין מיט אַ קאָפּ,
דערגרייכט בלויז דער ריז צו דעם „סטופּ“;
און קאַרליקלאַך אַלע זעען אויס
אַנטקעגן דעם ריזיקן הויז.

## פינגערהוט — פידל

אַ חלום-פאַנטאַזיע איז גרויס,
אַ פינגערהוט קליין פון אַ לידל;
דאָס וואַקסט ביז דער חלום איז אויס —
און פינגערהוט שפּילט אויף אַ פידל.

איז פאַדעם פון נאָדל אַרויס,
וואָס האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין זינען?
דערפאַר, אַז דער חלום שפּילט אויס —
דו קענסט ניט די פידל געפינען.

## נאָכקרימעניש

אַלט-נאָכקרימעניש פון דער וועלט,
ווערט אויף קאָנצערט היינט געשפּילט;
אינם עלטסטן קאָסטיום פאַרשטעלט,
אויף דער בינע זיך פאַרהילט.

איבערפילט אין זאַל אַ געדראַנג,
אויף בייז וואונדער אָנגעלויף;
וויפיל אַבערגלויבן פון לאַנג,
ווי פון הינער-פּלעט שטייט אויף.

וויפיל נאָכקרימענישן געשען
אין ווילד עקסטאַז, בלויז אין ווינק?
ווי אַ כישוף אַמאָל געזען —
אונטער שטאַמלענדיקן צונג...

## אָפענע מיילער

אָפענע אויגן, אַלעם דערזעען,
אָפענע אויערן, אַלעם דערהערן;
וועלכעס דו ווילסט ניט, קען גרייליך געשען,
וועלכעס דו קענסט ניט, דאָס ווילסטו פאַרווערן.

אָפענע מיילער, אַלעם באַריידן,
אָפענע נעזער, אַלעם דערשמעקן;
וועלכעס דו ווילסט גאָר האַלטן באַשיידן —
היינטן אַרומעט טוט זיך אַנטפּלעקן.

## נאַכגרעטענישן

נאַכגרעטענישן, פון בייזע בלוטן,
ציען זיך אויף אַקראַבאַטן־שטריק;
ווילן די וועלט פון וועג אַראָפּפירן,
טאַנצן אַרום מיט ווילדע שטיק.

ווילן נאַכגרעטענישן פאַרזייען,
ווילדע זריעה, וואָס אַ געבורט;
וואַקסט אַ דאָרן מיט פאַרשטאָכענע אויגן,
וואו אַ באָדן אויף ווילדן אָרט.

מאַכן קונצן נאָך די אַקראַבאַטן,
שפּילן נאַכגרעטענישן דער וועלט;
שטעכט דער דאָרן מיט פאַרשטאָכענע אויגן,
וואָס מער איינעם די רויז געפעלט...

## מען קאָפּעט זיך

מען קאָפּעט זיך, איבערן קאָפּ אַריבער,
די אַרבעט יאָגט, ווי אין גליענדיקן פיבער;
נאָר, נישט גאָלד־גראָבנס קאָפּעט מען אויס,
דאָס גאָלד פאַרשווינדט פון גרוב אַרויס.

נאָר, ווי אָן אַ רידל, ווי אָן אַ רודער,
מען קאָפּעט זיך און מען זינקט אַ מידער;
מיין וועלט האָט גראָבנס אַלערליי,
מען קאָפּעט זיך, ביז טיפן שניי.

## דער אייזל מיט משיח׳ן

אין דער וועלט פון רעקלאַמע
קלאַפּט דער אייזל אַ טרעוואָגע;
פון שפּיץ-קלויען, שאַרפט דעם מוח,
קלינגט שוין אויס, די וועלט אַ חגא.

קלינגט שוין אייזל-קאָפּ — אַ חריף,
שטעלט זיך אויפן שפּיץ צו הערן;
און די אייזל-אויערן,
פון שפּיץ-קלויען לענגער ווערן.

דאָך אַזוי טאַמעוואַטע,
פירט זיך אייזל, אויף איין אופן;
און ער גייט זיך פּאַוואָליע,
פירט אַוועק, וואָס פון די הויפן.

נאָר, אַמאָל אַ משיח
אויפן אייזל וועט דאָך רייטן;
ווייל ער טאַנצן קאַראַהאָד,
מיט די קלויען, פאַר די לייטן.

ווייל ער פאָרן כאַדאָראָם,
דרייען ס׳רעדל, צו רעקלאַמען;
אויב אַמאָל אַ משיח —
מיט אַן אייזל, קומט צוזאַמען...

# דער קלאָון

וויפיל צייט, האָב איך גע׳פּטר׳ט?
דערנאָך האָט געטאָן אַזוי באַנג —
פּאַר איילעניש האָב איך געפּלאַטערט,
און קען נישט דעריאָגן פון לאַנג.

וואָס שטרויכלונגען, זיינען פאַראַנען?
פאַרקוקט זיך אַמאָל און פאַרטראַכט;
ביים צירק איז אַ קלאָון געשטאַנען
און האָט מיר אין פּנים געלאַכט.

נאָר, וואָס אויף שפּיץ-צירק איז געהאַנגען,
געלאָקט האָט אין הויך נאָך אַ ראַנג;
געקלעטערט האָט קלאָון צו דערלאַנגען
און האָט זיך געבראָכן אויפן שטאַנג.

האָט „וואָדעוויל“-קלאָון זיך צעזונגען,
פּראָנט בינע אַרויף זיך געשטעלט;
געקייטלט זיין ראַנג אין די רינגען,
מיט גלעקלאַך פאַרקלימפּערט די וועלט.

האָט טרעלדזעל אין מיצל געפּלאַטערט,
אַ לאַמפּאַסל זיך אָנגעטאָן —
וויפיל צייט, האָב איך גע׳פּטר׳ט,
ביז כ׳האָב זיך באַפרייט פונם קלאָון.

## די שקאַפּע

אַמאָל האָט אַ שקאַפּע
אין לאָץ פון אַ קלאַפּע,
וואָס דאָרט האָט געשטעקט
אַ בלימל דערשמעקט.

און בלינד אויף אַן אויג
און לאָם זיך אַ בויג,
געצופּט האָט די שקאַפּע
דאָס בלימל אין קלאַפּע.

נאָר זויערקייט פון שמאַטע
און טעם פון אַ לאַטע
אין בלימל פאַרזוכט —
האָט שקאַפּע געפלוכט.

און פון אַלץ אַזוי,
ביז האָבער און שטרוי;
האָט שקאַפּע פון קלייען
געטראַכט, קען צעקייען. —

וואָלט כאָטש געווען סעטשקע,
ווי קאָרענע קליסקע,
מיט שטיקער אין מיט,
געווען וואָלט שוין גוט. —

איך וואָלט דאָס צעקייט
פאַר גאָט און פאַר לייט;
פון אויבן, ביז אונטן,
צו מיסטיקן גרונטן.

נאָר באַלד האָט די שקאַפּע
ביים נעם פון דער קלאַפּע,
געטאָן דאָרט אַ ריס,
און אין צונג זיך אַ ביס. —

אַ קאַפּיע אַוועק,
פאַרדרייט מיטן עק,
צעריסן די קלאַפּע —
עס האָט שוין די שקאַפּע...

## אַ שטרויענער קעמפער

אַ שטרויענער קעמפער,
באַרימט זיך אַלע מאָל;
און סטראָיעט שטרויען־ביקסל,
אַ פּלעווע, פאַר אַ קויל.

און בלאָזט אויס אויפן האָרן,
מיט קווויטשענדיקן צונג;
און שטעקט אַרויס פון גאַרטל,
אַ פּאַפּירענעם קלונג.

אין שייד, וואָס ווערט פאַרזשאַווערט,
איז טעמפּאָ ביזן שפּיץ;
און צילט אַ פייל און בויגן,
דער פיינט טוט אַ געניץ.

און בלאָזט אויס נאָך אַ פּלעווע,
אַ קינד קומט אויף פון וויג;
און שיסט אויס גאַנצן פּולווער,
פאַרטשאַדעט עס אַ פליג.

## אַבע גייט

גייט אַבע אַזוי, פאַר אַבע׳ם וועגן,
און גיט צום מאָל נישט אַ געווס;
טרעט עמיץ אים אָפּ די הינער־אויגן,
גייט אַבע אַוועק, אויף איין פוס.

איז אַבע פאַרקלערט, מיט די הוריות,
פאַרטיפט זיך, ביז דער ערד אַראָפּ;
טרעפט אַבע אַזוי אַריין דערנעבן,
צעשלאָגט זיך דעם קאָפּ, אָן אַ סלופּ.

גייט אַבע אַזוי, זיך צוגעקנעפּלט,
דאָס קנעפּל, צום בגד נישט גלייך;
איז, אַבי עס פעלן נישט די לעכלאַך,
איז, וואָס ער פאַרמאָגט, איז ער רייך.

פאַסט אַבע׳ן אַזוי, דעם קאָפּ צעשויבערט
און אַלץ צום רומל זיך פּאַסט;
איז, אַבי ער זוכט נישט צו געפעלן,
איז מוחל — אים בעטן צו גאַסט.

קריכט אַבע אַזוי, פלעגמאַטיש קריכט זיך,
באַהאַלט זיך אין שאָטן אַריין;
נאָר אַבע שעמט זיך פאַר אַ ליאַדע שמייכל,
בעט — „לאָמיך געמאַך" גאָר אַליין.

בליקט אַבע אַזוי, אין הינטער־וויילעכץ,
מעג קאַפּויער אַלץ זיין פאַרשטעלט;
נאָר, אַבי לאָז אים גיין, נישט פאַרטשעפּע,
איז, אַבי געלעבט אויף דער וועלט.

גייט אַבע אַזוי, פאַר אַבע׳ס וועגן,
און פירט ניט מיט קיינעם קיין שטרייט;
איז, אַבי געטאָן דעם שניפּס פאַרשלייפן,
פאַרקערט, ביזן ספּאָדעק פאַרדרייט.

## מעבל

פולע שטובן נייע מעבל
און מיט נייע טישן;
נאָר, פון גוף די אַלטע גלידער
קען איך ניט אויפפרישן.

זע איך אַלץ דאָס אַלטע פּנים,
אין די נייע שפּיגלען;
און די טישטיכער, גאַרדינען,
שפּרייטן זיך, ווי פליגלען.

ווי די טרוימען פון מיין יוגנט
מאָלן זיך באַהעפטן;
פאַנטאַזיעס גאָר אַמאָליקע,
יונג און שטאַרק מיט קרעפטן.

פריער בין געשמאַק געשלאָפן,
אַלץ געווען מיר טייער;
נאָר, מיין ווייבל פרייט דאָס מעבל
מיטן אַלטן שלייער.

## אַרכיוון

אינם שטויב פון די אַרכיוון
האָב איך ניט קיין צייט זיך גריבלען;
ליגן בריוו, מיט אַלטע שמות,
און דער שטויב יזיך קלעפּט צום איבלען.

זאַמלען זיך אין צייט אַרכיוון,
אויסגעמישט אַלץ, ווי אַ ווירוואַר;
ווער וויל זוכן אַלטע עברות,
קען נאָך קריגן אַ נאָז-קאַטאַר.

פעלן נישט קיין נעכטיקע טעג,
ציען זיך, העט ביז פאַרצייטן;
ווער, פון גוטן ביזן שלעכטן,
וויל דעם שימל איבערבייטן

און דאָס שלעכטע נישט פאַרגעסן,
און דאָס גוטע צו געדענקען;
וועם איז טייער, די אַרכיוון?
היט איך אָפּ, אַוועקצושענקען...

## עס ווענדט זיך

נישט אַלץ, וואָס זיך לוינט, איז וואָס ווערט
און דאָס, וואָס איז ווערט, גאָר ניט לוינט;
עס ווענדט זיך, וואָס איינער באַערט,
אַ נאַר, האָט אַ קיסר געקרוינט.

ביז בייט זיך — אין טעם פאַרזוכט,
ווערט קלוגער, דער נאַר, פון דער קנוט;
מער לוינט נישט, די קרוין ער פאַרפלוכט,
איז ווערט שוין צו קעמפן ביז בלוט.

## שופּן

די שטאָט האָט אַ פיש־מאַרק מיט פישער,
וואָס שאָבן מיט שופּן זיך אָן;
זעסט שופּן, ווי זילבערנע מטבעות —
ווער קען מיט די שופּן וואָס טאָן?

וואו וואַלגערן זיך דען מטבעות?
טרעפסט בעטלער, בעט ביים אָרעמאַן,
זעט גאָלדענע מטבעות זעלטן
און שופּן אַזוי פיל פאַראַן.

און אָרעמע קינדער, וואָס שפּילן,
וואָס זשאַלעוועט מען זיי, נישט קאַרג?
נו, ווער האָט קיין קופּערנע מטבעה
קען אָנקלייבן שופּן אַ באַרג.

## די הויך — איר מעסט

די גאַנצע וועלט איז גרויס,
איך פאָר זי גאָר ניט אויס —
און קען זיין, זי איז קליין,
ווען כ׳פאָר זי אויס אַליין.

נאָר, קליין ביז גרויס זיך ציילט
און גרויס אויף קליין זיך טיילט —
נאָר, בלויז די הויך איר מעסט,
פון גרוב, די טיף פאַרגעסט.

## שפּיל קאָרטן

שפּיל קאָרטן, ביז זיך אויסשפּילן,
דורך די נעכט און טעג;
און ווער דעם שפּיל וועט פאַרזאַמען,
יאָגט די באַן אין וועג.

נאַר, ווער וועט וועמען דעריאָגן?
לאָז ניט קיין אויג אַראָפּ;
דען, ווער העם שפּיל וועט פאַרלירן,
פאַרלירט די האָר פון קאָפּ.

נאַר, ווער וועט וועמען געווינען
און ניט צוטרויען פיל?
דאָך, וויפיל צייט טוט אָנווערן,
די וועלט, מיט קאָרטן-שפּיל?

## אומבאַשיידן

ריידן, אומבאַשיידן —
ווער אַזוינס קען שטערן?
גייען די גערעידן —
ביז די רייד נישט ווערן.

ווערטער פאַראַן, וואָס שיינען,
ווערטער פאַראַן מיאוס׳ע;
דאָס, ביים טיש צו לייענען,
דאָס, אין בית-הכסא.

# עטיקעטע

די לעפל און גאָפּל, מעסער,
מיט סערוויר־טישטעכלאַך גרייט;
דאָס לינק, דאָס רעכט אויפן טיש לייג —
און מאַך עטיקעטיש די לייט.

דעם האַלדז האַלט גלייך, ווי אַ סטרונע,
און צירלאַך, מאַנירלאַך שלינג;
און נאָך אַ צו־גרויסן ביסן,
מיט דער עטיקעטע פאַרטרינק.

פאַרשוואַך נאָר ניט די עטיקעטע,
דאָס קען פאַרשעמען אַ גאַסט;
נאָר, בלויז די עטיקעטע פון זיך,
ווען קיינער זעט, אַליין זיך פּאַסט.

## פאַר העפלאַכקייט

דער ליבט אַזוי צו ריידן,
און דער אַזוי צו שווייגן,
איז איבעריק צו קלערן,
קען פּאַסן צו צוהערן,
וואָס שאַטן קען ניט ביידן,
אין אויער וואַטע לייגן —
נו, שווייג! דאַרפסט גאָר ניט פרעגן,
שלאָף נישט, פאַר העפלאַכקייט וועגן.

## אַ לייענער

דאָס בוך וועלקט אין האַנט ביי דעם לייענער,
וואָס האָט פאַר אַ נדבה געקויפט;
שוין ליבערשט דאָס בוך אַוועקשענקען —
אַבי פון דעם לייענער אַנטלויפט.

דער לייענער ציילט איבער די בלעטער,
ציילט איבער, ווי גראָשנס אין האַנט;
איז גאָר אַזאַ לייענער קיין כבוד —
ער רעכנט דאָס בלויז פאַר דער באַנד.

לייענט איבער, דער לייענער, די טאָוולען,
דרייט איבער דעם רוקן צום פראָנט;
און לייענט אויס דאָס בוך אויפן רוקן —
און פאַר אַ פילאַנטראָפּ זיך דערמאָנט...

געדענקט שוין דער לייענער דעם נאָמען,
פאַרגעסט נישט צו מאַכן באַקאַנט;
און ווייטער, דאָס בוך ליגט פאַרוואָרפן —
עס עסט אויף דעם שטויב פון דער וואַנט.

## רעקלאַמע

טו בעסער און וואָס שענער,
רעקלאַמע פאַר דעם קרעמער.
נאָר, ווען מען אַרט צו וויסן,
וואָס ערגערנים פאַר'מיאוס'ן.

און ווי זאָלסט הויך אויסשרייען,
די וועלט קאַפּויר אויסגייען —
נאָר, וואָס דיר זאָל ניט בלייבן —
רעקלאַמעס ניט דערהייבן.

## יחוס-בריוו

דיין יחוס-בריוו און ליבענס-בריוו,
איז שווער פאַר היינט אויסצובייטן;
נו, לייג אים מאָרגן אין אַרכיוו —
וועט גילטן שפּעטערע צייטן.

ווערט ביסלאַכווייז דיין ליבענס-בריוו,
פון טאָג צו טאָג אָפּגעריבן;
נו, ווערט עס טייערער, אין אַרכיוו,
וואָס עלטער עס איז געשריבן.

ווערט ביסלאַכווייז דיין יחוס-בריוו
פון מייז צעביסן, צעגעסן;
נו, ווייז ס'פאַרמעגן פון אַרכיוו —
ווער האָט דאָס אַנטיקל פאַרגעסן?

## לידער

לידער, לידער ווער ברויכט, לידער?
נישט זיי קלעקן אויף צום לעבן —
זאָל כאָטש קלעקן אויף צום שטאַרבן,
פאַר תכריכים זאָל כאָטש געבן.

לידער, לידער ווער דאַרף, לידער,
ווען מען זיי דען געפעלן?
ווער, אַ מאדים איז צו קויפן,
פאַר אַ מצבה כאָטש צו שטעלן.

# מתנות

פאַרגעס דאָס געשאַנק, וואָס געשאָנקען,
מען האָט ליב עס און פיינט אין דער וועלט —
געדענק שוין, עס ווענדט זיך, וואָס, ווען,
טרעף פריער, וואָס יענעם געפעלט?

טרעף פריער, עס ווענדט זיך, וואָס, ווען,
דעם איבעריק איז און דעם פעלט;
נו, קען דיך פאַרשפּעטן אַ שמייכל,
וואָס האָט דיין מתנה פאַרשטעלט.

פאַרגעס דאָס געשאַנק, וואָס געשאָנקען,
דערמאָן ניט קיין נאָמען, וואָס, וועם;
פאַרשעמט זיך אַליין דיין מתנה,
וואָס וואַלגערט אַרום זיך ביי דעם.

## דאָס בוך

דאָס בוך, וואָס האָסט געלייענט,
ווי כ'וואָלט דערביי געווען;
נאָר אַלץ, וואָס האָסט געמיינט,
דאָס האָב איך ניט געזען.

האָט גוט, דיר אויסגעדאַכט,
דאָס שאַט ניט, וואו איך בין —
אויב שלעכט, האָסט אויסגעטראַכט,
דאָס האָב מיך ניט אין זין.

# דקדוק

בחינם, וואָס דו טאַדלסט
אַן איבעריק געבייד;
אַ שטריך — זאָגט אוים די שורה,
דאָס פינטעלע פאַרשטייט.

דער „דעש" — און פראַגע־צייכן?
דער אויפרוף! ביז אַראָפּ;
דאָס קלינגט שוין מיטן ניגון —
און לייענט זיך, מיטן טראָפּ...

און פעלט מיר, וואָס אין דקדוק?
אַ „קאָמאַ", מיר ניט ווייז;
אין ווייסן, צווישן שוואַרצן —
געפין מיר אוים אַ גרייז.

## פון נאָנט און ווייט

דאָס ווייטע, מאָלט זיך בעסער,
די פאַנטאַזיע איז גרעסער;
פאַלט נענטער, די פייל פון בויגן,
זעען ווייניקער די אויגן.

דאָס ווייטע, ווערט פאַרגעסן,
דאָס נאָנטע, ווערט דערעסן;
נאָר, אַלצאיינס איז גרויס דאָס בייגקען —
אויב וועמען לוינט צו געדענקען...

## כ׳וויל דאָס ליד

כ׳וויל דאָס ליד, ווי מיין וועלט, נישט אָנווערן,
אָבער, אייביק ווער קען זינגען אליין?
ערגעץ וואו אַן אויער, זאָל מיך הערן —
ערגעץ וואו אַ האַרץ ,זאָל מיך פאַרשטיין...

ס׳טוט מיין וועלט באַגינען ניי־דערפרישן,
שפּראָץ אויף מיין ליד, וואו אַ טויאיקייט טריפט;
ס׳וועט די צייט אַ נייעם בלאַט אויפמישן —
זאָלן בלייבן מיינע שורות אין שריפט...

## דאָס בלאַט

אַ ווייסינקער בלאַט אינם קאַמין,
שוואַרץ־רויכנדיק האָט זיך געשפּרייט:
איז אַשעס געבליבן פון פלאַמען,
ביז סאַזשעס דער ווינט האָט פאַרווייט.

אין בלאַט, וואָס געווען איז פאַרשריבן,
דאָס פייער עס האָט שוין פאַרצערט;
אַלץ איינס, וואָס איז איבערגעבליבן: —
אַ ביסעלע אַש אויף דער ערד.

געקאַרטשעט, אין פלאַם נאָך געציטערט,
דאָס בלאַט אָפּגעמעקט און פאַרלענדט.
דער ווינט האָט צעבלאָזן־געוויטערט,
פון קיינעם דאָס בלאַט נישט דערקענט...

## רונדער - נול

נאָך אַ רינגל, נאָך אַ ראָד.
ווי אַ נול אַרום געקרייזט ;
טאַנצט די ערד אַרום דער זון,
און אַ יאָר אַרום געשפּרייזט.

טאַנצט די ערד רונד, צי לענגלאָך,
וואָס איז דען אַן אונטערשייד ?
אַז די זון, זי וואַרעמט אונז,
טראָגט די ערד איר בליאונגס-פרייד.

נאָך אַ רינגל, נאָך אַ ראָד,
וויפיל יאָרן האָט באַטרעפט ?
ציילט קיין ציפער נישט די זון,
וויפיל שטראַלן אונז באַהעפט.

ציפער מאַכן מענטשן אַלט,
ווער האָט ציפער אויסגעקלערט ?
רעכנט גאָר נישט נאָך די זון,
דרייט זיך אייביק-יונג די ערד...

רונדער-נול, אַן אַ באַטרעף,
קרייזט אַזוי אַרום מיין וועלט ;
דריי איך זיך אַ ביסל מיט —
ביז מיין ראָד ווערט אָפּגעשטעלט...

## שנירלאַך

יאָרן — זייַנען שנירלאַך קאָרעלן,
ציען שנירלאַך זיך פאַרביי;
און די שנירלאַך, וואָס געפעלן,
פאַראַן פּערל צווישן זיי...

האָב איך פּערל אויפגעקליבן,
וויפיל האָב איך זיך געמיט?
איז מיר פּאַטשערקעס געבליבן
און מיין שנירל אַזוי ציט...

צי איך שנירלאַך, זאָל נישט פעלן,
וואָס אַם שענסטן אָנצוטאָן;
נאָר, די פּאַטשערקעס פאַרשטעלן,
הענגט מיין שנירל שווער זיך אָן...

טו איך מיזאַמער זיך פלייסן,
צי אַ פּאָדעם שפּאָגל-ניי;
נאָר, אַליין זיך איבעררייסן
קען מיין "שנירל" זיך אויף צוויי...

## פרייד און טרויער

מיין פרייד, איך טראָג דורך די פראָנט-גאַסן,
מיין טרויער, דורך די הינטער-וועגן;
אַז קיינער קיינער זאָל ניט פרעגן —

און ווי די שטיינער פון וועג שווייגן,
וויל זיין דאָס האַרץ אַזוי פון וויטן —
בלויז פרייד מיט-טיילן, וויל אַ צווייטן...

## ניי - באַנייט

יאָרן פּאַסן לויט העם קלייד,
נעט און ברייט זיך צוגעפּאַסט;
וויל איך אָנטאָן ניי-באַנייט —
און אויסטאָן זיך פון לאַסט.

קליידער פּאַסן — נאַר, וואָס קוועלט,
אויף די ביינער, ווי אַ זאַק;
און דער יאָך, ווי פּאַסט דער וועלט?
אויף איר קארק אַזא געפּאַק.

פּאַסט זיך היימיש און אין פרעמד,
ביזן גרויען מאַטן ליכט;
נאַר, וואָס ווערט מיין האַרץ פאַרשעמט?
מיט צעקנייטשטן בלאַס געזיכט.

יאָרן בויגן מיך צונויף,
ווען פּאַסט צו גיין שטייף?
נאָר, אין פרילינג איך לעב אויף,
פּוץ זיך אויס אין נייעם שלייף.

יאָרן פּאַסן זיך אַזוי,
אינם ליכטיקייט דער זון;
צייל איך איבער אַלץ אויפסניי,
ניי-באַנייט זיך אָנצוטאָן.

## אַרום מיין פּאַס

איך וויל, ווי אַ בעדנער, די רייפן
צושלאָגן אַרום זיך, אַ פּאַס;
און פאַרב און קאָליר זאָל אָפּשלאָגן,
ווי רייף פון דעם ברוינעם פּאַס.

זאָל פּאַס אין די רייפן אָפּשיינען,
נישט ס׳ליכט, וואָס פאַרבלייכט אומגעמאָלט;
איז ס׳בלוט אין די אָדערן אָנגעלאָפן,
ווי פּאַס וואָלט צערינען געוואָלט.

זאָל פּאַס אין די רייפן אָפּקלינגען,
נישט ס׳קול דורך אַ שפּאַרע פאַרקרעכצט;
איז פּאַס און די ביינער צעבראָכן,
ווי קלעפּקעס, וואָס ווערן צעלעכצט.

איך וויל, ווי אַ בעדנער, די רייפן
צושלאָגן אַזוי אין מיין פּיין;
און פּאַס און די רייפן אָפּשייערן,
פאַרהיטן, זאָל קאַליע נישט זיין.

## שטויב און זין

פון אַלץ, וואָס איך האָב זיך געמיט,
וואָס סיי מיט געבעט און מיט לויב;
צעפוילט און צעפאַלט און צעפליט,
ווי אַש אין די הענט און אויף שטויב.

איז, וואָס כ׳האָב געמיינט גייט אַוועק,
אין שטראָם, אין צעפּלים, אין צערין —
נאָר, ווישט אָפּ אַ שפּיגל צוריק שיינט,
שיינט צוריק די זעל אינם זין...

## שאָטן און קלאַנג

שאָטן, אין טריט זיך פאַרשלייכט,
ביסקעל, וואָס שפּיגלט זיך בלאַנק;
איידער דער שיין דיר דערגרייכט,
גייט אויס, אין אויער, דער קלאַנג.

ווייטער אַ שפּיגל אין שויב,
צי ביי אַ וואַסער־קריסטאַל;
גיט וואָס אַ פּליאַסק, זיך אַ הייב,
נאָכדעם אַ פאַל מיטאַמאָל.

לויכט נאָר, אַ רגע דער שיין,
שפּיגלט זיך אָפּ, אַזוי שוואַך;
ווי אויפן וואַסער אַ שטיין,
גיט בלויז אַ ציטער אויפן פלאַך.

## וואַרעם און קיל

די פּיס, נאָנט פון דער ערד, וואָס ציט?
דאָס האַרץ, נאָנט פון דער זון, וואָס גליט?
נו, לאָמיר באַנאַנד זיין מיט זיך,
די ערד און די זון און איך.

זון — זיד מיר ביז פאַרביקן שיין,
ערד — שפּראָץ מיר, ביז שוימיקן ווין;
שלאָגט זויער קאַפּויער צוריק,
נו, גיס שוין אַרויס דעם עסיק.

זון — וואַרעם די ערד ביי מיין טריט,
ערד — קיל מיר, מיין קריגל ווייַן היט —
און וואַרעם און קאַלט איך פאַרזוך,
לויפט איבער דאָס קאָכיקע גיך...

## אויף דער וועראַנדע

אויף דער וועראַנדע פון הויז,
הענגט דער האַמאַק און זיך וויגט;
דאַכט זיך אַזוי, בין אַ קינד —
איז אַזוי גוט, ווי איך ליג.

נאָר, ווען נאָך, פאַר זאָרג צעקנייטשט
לייגט זיך אַזאַ פאַלב באַזוימט;
ווען מען קינד איז עס געמאָלט,
בלאָס אַזוי און בלייך פאַרטרוימט?...

נאָר, וואָס איז דעם מענטשנ׳ס גרוים?
לאָמיך צוריק ווערן קליין;
ס׳מידיקייט פאַלט פון די פים —
איבערן יאָך קען ניט גיין...

## פון אַלץ אין דער וועלט

פון אַלץ אין דער וועלט, וואָס פאַראיבעריקט,
בלויז קלייניקייטן פאַר מיר באַשערט;
נו, גלוסט ווי אַ קינד זיך צו שפּילן
און גאָר ניט אָפּשאַצן, וואָס איז ווערט...

ווי שוינען דען קינדער דאָס גוטע,
דאָס טייערע, זעלטן אַ קינד ווייס;
און די וואָס אָפּשאַצן די ווערטן,
אָ, וויפיל שפּעקולירן אין פּרייז?...

איז גוט, ווי אַ קינד זיך צו שפּילן,
אָן ערנסטקייט זיין אַזוי פאַרטאָן;
נאָר, וואָס זאָרג — וואָס עלטערער קומט אָן...
ס׳ווערטפולע אַנטשיידט ערשט די עלטער —

## די גאַנצע וועלט —

די גאַנצע וועלט איז זינען,
אַליין זיך ניט אין זין;
געדענקט ער אַלץ דערינען
און זיך פאַרגעסט דערין.

פאַרגעסט ער אַפּילו זיך פרעגן,
פאַראירט די נעכט און טעג;
און פון אַזוי פיל וועגן
ער זעט פאַר זיך קיין וועג.

ער אַנט שוין ניט, דעם מאָרגן,
ניט זיכער מיט זיין שיין;
צו שווער די אייגענע זאָרגן,
פאַרגעסט ער זיך אַליין.

## מען לעבט אַזוי לאַנג

פון אָרעמע טעג,
אָן אָרעמע וואָך;
ווי ווייט איז דער וועג,
ווי לאַנג איז ער נאָך?

אַ חודש — אַ יאָר
עס שלעפּט זיך די צייט;
און ווייטער איך פאָר
וואָס ווייס איך, ווי ווייט?

אַ יובל אַמאָל
געדויערט דער גאַנג;
צייל ווייטער די צאָל —
מען לעבט אַזוי לאַנג...

# בלי, מיין יוגנט!

דאָס אַלטקייט, וואָס האָט זיך צעלייגט;
דאָס יונגקייט, וואָס האָט זיך פאַרצווייגט;
איז איינס אויף דאָס אַנדערע האַרט,
ביז איינס און דאָס אַנדערע שפּאַרט —
און מעג וואָס אויסשפּראָצן מיט פּיין,
עס וועט שוין ווער גובר דאָ זיין.

אָ קום, מיין יונגער גייסט!
מיין נשמה, ניי באַלעב,
מיין יעדעס גליד דערפריש;
און מאַך מיר יונג מיין האַרץ —
מיט טויזנט זאַפטן נער,
מיט טויזנט זאַלבן שמיר,
מיט זונען־שיין זאַפּ איין,
ווי די וועלט, מיין מוטער־ערד.

מיין ליוב צו דיר, מיין גייסט!
מיין אויפמונטערקייט, צו דיר,
מיין יוגנט־ליד, צו דיר —
בלי ווידער, בלי אויפסניי,
מיין יוגנט, פאַר דער וועלט —
צי וועט הען אַלט די צייט?
און אָפּגענוצט, די ערד?...

## זאָג מיר, „שוואַרצער"!

די נעכט, אַדורך שוואַרצן די טעג,
ווער ווייס, אין דער פינצטער דעם וועג?
זאָג מיר, „שוואַרצער", פירסט אומבאַקאַנט,
אונטער וועלכן גרענעץ און לאַנד?

פירט דער שוואַרצער, שוואַרצט מיך פאַרביי,
ווער ווייס, צי דער וועג איז דאָרט פריי?
זאָג מיר, שוואַרצער, ווער זיך פאַרשטעלט?
צי שרעקט וואו אַ גרענעץ די וועלט?

פירט דער שוואַרצער, שוואַרצט דורך ביינאַכט,
וואו האָט מיך דער שוואַרצער געבראַכט?
אַזוי נאָך שטאָק-פינצטער אין וועג,
און פרעמד אויפן נייעם טאָג פרעג.

די נעכט, אַדורך שוואַרצן די טעג,
ווער ווייס, וואו פירט זייער שייד-וועג?
און וועט מען הערהערן מיין טריט —
דאַן וועט שוין פאַרשטומען מיין ליד.

## דאָס אַנזען —

דאָס בילד, פון צו ווייט איז פאַרזען —
צו בלאַס זעט די פאַרב אויס און שיין;
און דאָס, פון צו־נאָענט, איז פאַרזען,
וואו קען שוין דאָס אַנזען זיין?

און איז ניט, אין זייט, דאָס אַנזען,
צי בלייבט עס אין מיטן דען שטיין?
פאַרשווינדט דאָך פון אַלץ דאָס אַנזען,
איז בלויז אַ דורכגייענדיקער שיין...

## האָפּ איך

די נעכט, פֿאַרשוואַרצן די טעג,
די טעג, פֿאַרטונקלען די צייט;
מיין אָרים לעבן אין שפּאַן!
גייט אוים די וועלט, צו־פּום גייט.

נאָר, וואָס אויסרעכענען לוינט,
ווער שטעלט זיך אָפּ, אין דער מיט?
דאַכט זיך, די צייט האַלט אַ לייץ!
און לויט די יאָרן שוין ציט.

דאָך, ווער פֿאַרזינקט אינם לאַסט?
וואָס שרעקט — דעם טאָג, וואָס פֿאַרליר?
אַ ביליקער וואָגן בלויז —
כ'הער קרעכצט אין שריט אונטער מיר.

נאָר, ווער מיר שטרויכלט אין וועג?
וואָס טו אָנווערן ניט צייל;
האָפּ איך, גוט אויפֿגעלייגט בין!
אַ יום־טוב פּראַווען אַ וויילַ..

## נישט גלייך

דער איינציקער מענטש אין דער זייט,
וועט דער אומעט אויסצערן;
נאָר איינציק גייט פֿון דער ווייט,
איז די זון און די שטערן.

און מענטש, צו דעם זונען פֿאַרגלייך,
וואָס וויל זיך אָנגעהערן;
ציילט זיך ניט, דער הימלישער רייך,
מיט ערדישע באַגערן.

## שעפּט זיך אויס

דאָס געזונט, שעפּט זיך אויס,
די אַרבעט שעפּט זיך קיינמאָל אויס;
שעפּ, שעפּ איבער דער מאָס!
עס בלייבט אַ ליידיקע שעפּ בלויז.

שעפּט זיך אויס, מיד דערשעפּט,
ווי דאָרשטיקע אויף וויסטן סטעפּ;
וועלכן ברונעם שעפּסט מער,
דער גומען טרוקנט אין דער שעפּ.

שעפּ זשע, שעפּ נאָר אויף גלייך,
פון ביידע ברונימער דעם קוואַל;
וואָס אַ ברונעם זיך לערט —
גיט ביז אין גרונט, די שעפּ אַ פאַל...

## אָרעמער — רייכערער

טאָג נאָך טאָג ווער אָרעמער,
ווינציקער מיט אַ טאָג;
אויפן לעבנס וואָג-שאָל ווער
ווייניקער אויף דער וואָג.

טאָג נאָך טאָג, ווער רייכערער,
מערער מיט אַ געדאַנק;
זאַמל דאָס פאַרמעגן איך,
אין מיין ספרים-שאַנק.

אָרעמער און רייכערער,
וויגט זיך די וואָג-שאָל שטאַנג;
האַפּנדיק, איך ביינק אַזוי,
יעדערער טאָג איז באַנג.

## גוף און נשמה

דער גוף איז מיר ענג אין מיין שטוב,
די נשמה איז מיר ענג אין מיין גוף;
און ביידע צעבראָכן כ׳געפין —
ווער ריכט זיי צוזאַמען מיר אויף?

וויל איך אַרויסציען פון שטוב,
פאַרריכטן די לעכער אויפסניי;
וויל איך אַרויסציען פון גוף,
דאָס טוט מיין נשמה אַזוי וויי.

## יאַדרע און שאָל

וואו איז די פרוכט,
וואו איז די קער?
וואָס גייט אַהין,
וואָס גייט אַהער?

וואָס נאָך אַזוינס,
מיר מאָלט זיך אוים?
דאָס נעם אַריין,
דאָס וואַרף אַרוים.

וואָס בלייבט דען גאַנץ
און ניט צעטיילט?
שאָל פון יאַדרע,
איז אָפּגעשיילט.

וואָס נאָך אַזוינס?
ניט טראַכט צום מאָל;
אַ גוף אָן זעל,
איז בלויז אַ שאָל.

## פאַרשלייער

פאַרהיל און פאַרשלייער,
דער סוף וועט אַנטפּלעקן:
אַ לייכע, אַ בערגל,
— .אַ מצבה אויפדעקן

נאַר, קענסטו אַ מצבה
אַ שמייכל פאַרגעבן;
אויף דעם זיך אויסקריצן
— .דאָס אומשטערבלאַך לעבן

לויט גרוים די ירושה
אַ מאָנומענט שטעלן;
דאָס בילד זאָל צוקאָפּנס
— .צום רומל נישט פעלן

און לויט דער צואה,
דעם יחוס אויפדעקן;
נאַר, וויפיל מצבות?
די צייט וועט אָפּמעקן.

## פאַרהוילן

נאָך גוט, וואָס דער טויט איז פאַרהוילן,
דערווײַלע פאַרגעסט זיך די גרוילן;
מעג פאַלן אַצינד די האַרבסט-בלעטער,
קען טרוימען, פון פרילינג, אויף שפּעטער.

דערווייל קען איך חלומ'ען פון לעבן,
אַזוי קען די פאַנטאַזיע זיך שוועבן;
— דער הונדערטסטער פרילינג, וועט קומען
מיין קבר וועט זיין שוין פאַרנומען.

# די וועלט

די וועלט אַזוי רייך איז,
וועם גלוסט זיך צו שטאַרבן?
אַפילו מיין ירושה
די וועלט זאָל זיך אַרבן.

וועט שפּעטער פיל רייכער
די וועלט פון מיר ווערן;
איך וועל נאָר אָנזאַמלען
דאָס רייכטום פאַרמערן.

וואָס לענגער וועל לעבן,
און היטן דערוועגן;
איך וועל נישט באַהאַלטן
פאַר זיך דאָס פאַרמעגן.

כאָטש גאָלד פון די אוצרות
קען היינט נישט געפינען;
דאָך רייכער טאָג־טעגלאַך
איך ווער אין מיין זינען.

און שענער וועט אויסזען
די וועלט מיט געדאַנקען;
דאָך ציטער, בין אָרים,
די נעכט, פאַר מיר צאַנקען.

## צופרידן

איז דאָס לעבן אומצופרידן?
און דער טויט לייזט אויס פון פיין —
ווייל איך אומצופרידן זיין...
און דאָס גליק איז ניט צופרידן,
מעג געדויערן דאָס, ווי לאַנג —
בלויז אַ טויטער פילט ניט באַנג...

# גרייזן

די אייגענע גרייזן פון לעבן,
איך וויל זיי אַליין מיר פאַרריכטן ;
און זאָלן זיי לייטערן זיך פריער,
מיט אייגענע קלאָרע אויפזיכטן.

אַ פרעמדער, אַזוי קען נאָך לייענען,
און ווערן פאַרפאַלן אין גרייזן ;
קען עמיצן דאַכטן מיין לעבן —
און אייגענע פעלערן ווייזן.

און אייגענע גרייזן פון לעבן,
זיי קענען מיך אייביק פאַרשעמען ;
ווען שטאַר, ווען דער טויט פאַר זיך בליקן,
וועט נישט זיין אַ וואָרט שוין צו ווענען.

# צום שלום

צום שלום פון באַצאָלונג דעם לוין,
פעלט שטענדיק וואָס אוים ;
וואָס נאָך וועט אויספעלן, צום מאָל,
ביים לעצטן שלום — אוים.

נאָר, ווער וועט זיך קלאָגן אין סוף,
צום לעצט, וואָס מיר פעלט ?
ווען גרוים, ווי דער גרוב, וועט דאָך זיין
אין גאַנצן מיין וועלט.

צי פעלט דען, צום לעצט, וואָס עס איז,
די שיין פון גענוס ?
וועט קלעקן אַזוי שוין גענוג —
צום אייגענעם שלום.

## מיין שלאָס

מיין שלאָס איז נישט נאָנט,
מיין שלאָס איז נישט ווייט;
מיט גאָלד נישט באַגילדט
און זילבער געלייט.

עס הענגט נישט מיין בילד
אין פּאַלאַץ מיין ראָם;
וואו שטייט דען מיין שלאָס
מיט פאַרקאָן אַ צאָם?

צי איז דען מיין שלאָס
פון קיינעם באַשיצט;
און נישט אויף שפּיץ־טורם
מיין נאָמען פאַרקריצט?

צי פירט. צו מיין שלאָס,
אַהין אין געהיים;
און איז נישט אין פרעמד
און איז נישט אין היים?

צי שטייט דען מיין שלאָס
אין שאָפּ ביים מאַשין?
און ווער איז דער שקלאַף,
דעם האַר, וואָס איך דין?

וואו איז דען מיין שלאָס?
וועט אפשר דאָרט זיין;
אַ מצבה ביים גרוב,
פאַרקריצט אויף אַ שטיין?...

## וואָס איז זיכער

וואָס איז זיכער אויף דער וועלט,
וואָס זיכערקייט קען געבן?
זיכער, זיכער איז דער טויט!
און זיכער איז דאָס לעבן.

וויפיל זיכערקייט פאַראַן
און וויפיל קענסט אויפמאָנען?
אַז עס בלייבן גאַראַנטיעס:
אַ קעניג׳ס אַלטע פאָנען.

וואָס איז זיכערער, מיין וועלט,
וואָס גאַראַנטירט דעם שאָדן?
אַז דעם טויט קען קיינער ניט,
צום ריכטער-שטול ניט לאָדן.

## חלומות

אַ חלום — אריין און אַרויס,
אַ היפּ און אַ האָפּ און געשפּרונגען;
שפּיץ-טורעם, שפּיץ-באַרג קלינגט גלאָק אויס!
אַ חלום דער גלאָק האָט פאַרקלונגען.

אַ חלום — אַהין און אַהער,
אַ בליאַסק און אַ שיין און געשפּונען;
שטראַלט פרייד און די פּיין אויס אַ טרער!
אַ חלום אין שטראַל איז צערונען.

אַ חלום געוועזן און פאַרביי,
אַ טריט און אַ טראָט נאָך די קלאַנגען;
שפּיץ מאַסט-בוים, דער ווינט און אַ וויי;
אַ חלום אין בלאָז איז פאַרגאַנגען.

# האַרבסט

דאָס האַרבסט-גראָז בויגט איין זיך, וואָס עלטער,
ביז אַלט און פאַרטרוקנט זיך ווערט;
און דערינקע בלעטלאַך, טויט פאַלן,
נאָך נידעריקער ווי גראָז אויף דער ערד.

ליגט האַרבסט, פאַרן טריט, צו צעטרעטן,
און וואַלגערט זיך אום, וואו אַן אָרט;
דאָס גראָז, גרויט נאָך האַרבסטיקע האַכטן:
אַן אַלטע, צעשויבערטע באָרד.

און וואו דער האַרבסט-ווינט זאָל ניט קערן,
ווי אַ תיקון-נשמה וועם פעלט;
פאַרטאָגס, אין וויים-טויענדיקער ראָסע,
ברייננט האַרבסט, ווי צו קבורה אין פעלד.

נאָר, הינטער די טריט, וואָס צעטראָטן,
דער ווינט, נע-ונד יאָגט אין פרעמד;
און נאַקעטע ביימלעך, צום ווינטער,
זיי טוען אָן אַ שניי-ווייסע העמד.

## שניי

נאָך אַן אומבאַרירטער שניי,
אויפן פרישן מאָרגן שיט;
און דער ערשטער צייכן איז,
אויפן שניי, מיין ערשטער טריט.

ציט זיך הינטער מיר אַ סליאַד,
גייען אַנדערע נאָך מיין גאַנג;

אָבער, פונם שניי, וואָס ווערט?
בלייבט גאָר ניט, דער שפור אויף לאַנג.

נאָר, אויף מאָרגן, צי אויף סיאָר,
ווען אַ שניי וועט ווידער גיין;
נו, דערמאָנט מיין ערשטן טריט,
וואָס געטראָטן קלאָר, ווייס, ריין.

## דער שניי וואָס גייט

אויף דאָס שוואַרץ פון נאַכט,
האָט ווייס פאַרשנייט;
נאָר פאַר מיין טריב האַרץ —
דער שניי, וואָס גייט?

אויף דער פרילינג-נאַכט
האָט מיר געבליט;
זומער האָט געבלויט
אַמאָל ביז שניט...

האָט דער האַרבסט ביינאַכט
פאַר מיר געוויינט;
נאָר זיך אויסגעקלאָגט,
נאָכדעם געשיינט...

איצט די ווינטער-נאַכט
דער שניי פאַרדעקט;
נאָר פאַר מיין טריב האַרץ —
דער שניי, וואָס שרעקט?

## מאָן נישט —

דאָרט הינטער מיין הייזל נישט ווייט,
שטייט זיך אַ בית-עולם אין זייט,
לויפט טאָל אָפּ און באַרג־אַרויף שיעף,
איז פלאַך, אַ פּאָר איילן בלויז טיף;
און בלינד פירט אַרונטער דער וועג,
קיין שטאַפּל צוריק אויף אַ שטעג.

נאָר גאָר נישט, „אַהין" אויף מיר האַרט,
דער הינטער־וועג גאָר נישט מיך אַרט;
אַ פּאַרקאַן, אַ גרוב און אַ שטיין,
די רעשט — און דאָס איבעריקע אַליין —
נאָר גאָר נישט — דער טויט מיך נישט מאָנט,
מעג וואוינען אַפילו, ווי נאָענט.

נאָר, מאָן נישט און שפּעטער נישט מאָן,
ווער, שפּעטער מיין אַרבעט וועט טאָן?
איך צאָל ערשט פון נעכטן און היינט,
צומאָרגנס, די זון, וואָס מיר שיינט —
און שפּעטער וועט שיינען די זון,
איך וויל ערשט געניסן דערפון.

## איבער־פלוס

פון אַ צופיל איבער־פלוס
גיסט זיך איבער דער שטראָם;
שטראָם פאַרפלייצט און דראָט נאָך וואָס?
ביז שווינקט אַראָפּ אין תהום.

תהום פאַרשלינגט, ווער ווייס, ווי שטאַרק?
זינקט טיף, טיף, מיטאַמאָל;
און דער איבער־פלוס פון באַרג
פאַלט אויך אַריין אין טאָל...

## ערד, מיין היים.

ערד, מיין היים, מיין אייביקע היים
וועסטו ווערן;
און ביז אין דיין ערדיקן ליים
מיך פאַרצערן.

נאָר, דו וועסט נישט מאָנען מיך, ערד,
איבערקלייבן;
און גאָר נישט וואָס עפּעס איז ווערט
שולדיק בלייבן.

נאָר, דו וועסט מיין אייביקעס הויז
אַלץ-איינס לוינען;
איך האָב אין דיין ערדיקן שויס
צייט צו וואוינען...

## צוביסלאַך

מען לעבט צוביסלאַך,
מען שטאַרבט צוביסלאַך;
זאָל ציען אַזוי זיך כאָטש לאַנג,
פאַרלירט זיך דער טריט אינם גאַנג.

זאָל שרעק פאַרמיידן,
דעם טויט פאַרמיידן;
מיר דאַכט, איך בין אַלט און בין יונג,
פאַרטריקענען די ליפּן און צונג.

זאָל פּיין אָפּהיטן,
דעם כוח אָפּהיטן;
איך פאַל פון די פיס און די הענט,
באַהיט כאָטש, מיין האַרץ ביזן ענד.

## קלעצלאַך אַזוי —

הענט, ווי געליימט און פיס, ווי געליימט,
ווי בליי שווער זיי הייב;
שלאָפן זיי איין און זינקען מיר איין,
ווי קלעצער ביים לייב. —

קלעצלאַך אַזוי — איר שלאָפט מיר גאָר איין,
וואָס שטעכט איר אַזוי?
אפשר זיך גאָר אויף שפילקעס געלייגט,
און האַרט איז דאָס שטרוי?

קלעצלאַך אַזוי — איר זינקט מיר אַראָפּ,
וואו פאַל איך אַוועק?
שלעפּט איר מיך גאָר, ווער ווייס וואו אַהין,
וואו וועלט האָט אַן עק?

קלעצלאַך אַזוי — וואָס פילט איר זיך מיד,
שווימט מיט נאָך אַ וועל;
פעדערן-לייכט דער גוף איז מיר גרינג —
און וואַך איז מיין זעל.

## פאַרגעפיל

פאַרגעפילן, לאָזט זיך אויס, צום גוטן,
און דערביטערונג, שאָטן צו די בלוטן —
ביז דערשעפונג, קומט נאָך אַלץ צערינען,
אַלע טרוימען, וואָס איך האָב אין זינען.

נאָר, דערציטערונג פאַר פאַרגעפילן,
ניט דערקרעפטיקן דעם מענטשנ׳ס צילן;
ווי דערווידערונג, פון די באַגערן,
די באַזאָפטיקונג, אַמאָל פאַרצערן.

## צוטרויען

אויף וועמענס צוטרויען צו האַרן
די אויגן מיט האָפן זיך נאַרן —
און שטייען און גייען און בלאָנקען;
ביז וואַנען אַ רוף וועט זיך הערן,
אַ ווינט און אַ שטויב וועט זיך קערן,
צו ערגעץ אַ גרוב, צו אַ פּלאַנקען.

אויף וועמענס נאָכהאַרן זיך טרויען?
ווי טומאַנען האָפענונגען גרויען;
אין נעבלען פאַרקריכן און זוכן,
וואָס ווייטער אַ טריט זיך פאַרווירן,
נאָך ווייטער אין וועג זיך פאַרלירן,
און פרעמד — דיין געביין נאָך פאַרפלוכן...

## ווער?

ווער וועט מיר צואוואַרטן,
דעם טאָג פון פאַרגיין;
און ווער וועט צוקאָפּנס
און צופוסנס מיר שטיין?

דער מאָרגן וועט מאָנען,
דעם נעכטיקן חוב;
ווער שולדיק וויל בלייבן,
דעם מאָנער צום סוף?

פון היינט — איבערמאָרגן,
וואָס פעליק ערשט ווערט;
מיין חוב קען אָפּ׳פּטר׳ן:
די וועלט — אין דער ערד.

## דאָס לעצטע ליד

דאָס לעצטע ליד פון זיך,
וועט דער טויט פאַרשווייגן;
און דאָס געביין אַזוי,
וועט אַ גרוב פאַרלייגן.

גלייך מיט דער ערד, צוגלייך,
וועט דאָס קבר זינקען;
און מיט דער צייט אַזוי,
אַפילו דאָס אָנדענקען.

פאַרגעסט זיך גאָר אַן טויט,
וואָס די ערד טוט פאַרדעקן;
דעם מצבה־שטיין,
וועט די צייט אָפּמעקן.

דאָס לעצטע ליד פון זיך,
אייביק וועט פאַרשטומען;
און אפשר וועט אַ שפּראָץ,
אויפסניי ארויסקומען.

## לעבנס־חלום

גייט מיר אויף, מיין טאָג, מזרח זייט,
גייט זיך איבער, ביז מערב פאַרגייט;
קומט נאַכט און אַ חלום מיר שפּינט,
שפּינט זיך, צעשפּרייט זיך און פאַרשווינדט.

גאָר איך, מיט פול לעבנס־באַגער —
ווער איך רייך און אָרעם איך ווער:
שווינדט, מיין לעבנס־חלום פאַרשווינדט —
שפּינט, דער לעבנס־חלום מיין קינד.

***

איך וועל דאָ פאַרפאַלן ווערן,
ווער וועט מיך אויסגעפינען?
און ווייטער, ווער וועט דען הערן,
וואָס כ'האָב אַם מיינסט אין זינען...

וואו זעט זיך דען אַרויסשיינען,
פון אַ פאַרוואָרפן ווינקל?
אַ ממזר-קינד, מ'עט מיינען —
פאַרוואָרפן אין דער טונקל...

נאָר, ווער וועט כאָטש דאָס פאַרגינען
פאַר קינדערלאָזער מאַמען?
און ווער האָט בעסערס אין זינען,
ווי ערגערן זיך צוזאַמען?...

## ווי וועט זיין

ווען אין דער יוגנט איז שווער געווען,
ווי וועט אין דער עלטער זיין?
און איז אַוועק, העלפט יאָרן אין פיין,
ווי וועט נאָך העלפט יאָרן זיין?

ווען צום געזונט געפעלט האָט אַ סך,
ווי וועט עס אין קראַנקהייט זיין?
און איז אַוועק האַלב לעבן אין פיין,
ווי וועט ס'גאַנצע לעבן זיין?

## חלום דערוויל

אויסערוויייניק, נאָך דער גלאַנץ,
אינערווייניק, אָפּגעוועלקט;
איז אַזוי מיין נשמה און גוף,
ווי מיט פרילינג און מיט האַרבסט.

נאָר, סוף זומער קומט דער האַרבסט
און סוף ווינטער, פרילינג קומט;
חלום דערוויל, לעבן מיינס,
ווי עס בליט מיין נייער טרוים.

## זינג מיר איבער

מיין אויסגעזונגען ליד,
איידער איך פאַרענדיק;
זינג מיר איבער דעם בים —
פאַר דעם שלום אויף שטענדיק.

ווי ניי, דער צוזינג איז,
אָנפאַנגס אָן באַגינען;
אַן אויסגעלאָזטער ענד —
האָט שוין ניט קיין זינען.

מיין אויסגעזונגען ליד,
זאָל דער רעפריין שטייען;
זינג מיר איבער אויפסניי —
לאָז מיך נישט פאַרגייען...

## מאַמע׳ס געשטאַלט

כ׳האָב דער מאַמע׳ס געשטאַלט
אין חלום געזען —
פון אַ וועלט אומגעקומען
און די ערד איבער זיך אויפגעפלאַנצט —
האָט זי זיך אויפגעכאַפּט,
און קינד און רינד, וואָס טוט?

כ׳האָב מיין מאַמע׳ס געשטאַלט געזען,
און יום-טוב׳דיק
האָבן אירע באַקן געלויכטן,
ווי פון ווייט, ווייט, ווייט
צו גאַסט געקומען. —
נאָר, פון אייביקן שווייגן
האָט זי קיין לשון נישט מער געהאַט —
און שטומערהייט זיך געקושט. —
און איך האָב זיך געפרייט
און געשראָקן,
און זיך אָפּגערוקט,
אין אַ זייט זיך געשטעלט;
דער טויט האָט נישט קיין זעאונג —
בלויז, וואָס דאָס לעבן מאָלט...

## פּיצלאַך זינען

פּיצלאַך זינען,
שטיקלאַך געדאַנקען,
הענגען ווי דער שלייער איבער אַלטע יאָר;
ווען אַלע חושים דינען שוין צו־ביסלאַכווייז —
דריבלען זיך אוים די ניט־געענדיקטע זכרונות,
אויף שטיקלאַך און ברעקלאַך.

פּיצלאַך זינען,
שטיקלאַך געדאַנקען,
הענגען פּיץ־פּיצלאַך,
מינוטן,
סעקונדעז,
שרעקט די פאַרגלייכונג —
אַ, ניין!
ס'איז דער שפּראָץ, וואָס גייט אויף ביסלאַכווייז...

פּיצלאַך זינען,
שטיקלאַך געדאַנקען,
הענגען ווי טומאַנען־געוועב,
שוועבט דער בליק אין נעבל אום,
זעסטו בלויז שטיקלאַך בנינ.ם פון נאָנט —
און דאָס נעבל־גרויע
לאָזט ניט דורך דיין שיין אין ווייט —
ווייטאָקן אַזוי,
די ניט־צוזאַמענגעוועבטע רעיונות —
אַ, ניין!
ס'איז דאָס לעבן,
וואָס בויט איינציקווייז...

# האַקט זיך איבער דער טרוים

1

האַקט זיך איבער,
אין מיטן שלאָף, דער טרוים;
ווי כלאָראָפּאָרם,
קריכט מיר אין נאָז;
שפּאַרט אין האַלדז, אין קעל,
ניט אויסצושפּייען,
ניט אַראָפּצושלינגען;
ליג איך מיט אַ שווער האַרץ,
מיט פאַרהאַקטע ציין,
וואַרף איך מיך, פונם געדוך;
דאַכט זיך, ווייט, ווייט,
איך פאָר אַוועק,
אין פוסטער הוילקייט;
און פאַל אַרוים
און זינק אַראָפּ.

2

וועמענס נאָכווייען
האָט מיין פאַרוויינטאָגט געמיט
איבערגעלעבט? —
וועמענס פּיין
האָבן די ציין איינגעביסן? —
ליג איך מיט אויסגעקרימטע ליפּן,
ווי נאָך אַזוינע קרומע רייד —
און מיט אַן אויסגעמיטן אויג,
ווי נאָך אַ פאַלשן געדוס —
וועמענס נאָכווייען
האָבן זיך ווידערהאָלט?

## כ׳וועל זיין

זון — וועסט דיך אַרונטערלאָזן
נאָך מיר —
אַ ליכט מיר צוקאָפּנס שטעלן,
און שײַנען אין אויסגעלאָשענעם גוף.

ערד — וועסט זיך אויפהייבן,
אַ בערגל נאָך מיר —
וועט אַ בײַל אַרױס סטאַרטשען,
פון מײַן געביין;
וועט נאָך אַ הויקערל אויפן קאַרג
טראָגן די וועלט.

מצבה־שטיין!
וועסט נאָך אומפאַלן,
וועט זיך אײַנזינקען,
אַ פאַרגעסענעם;
וועט זיך אויסגלײַכן,
אַ געפאַלענעם.

צײַט — וועסט אויסגלײַכן,
יעדעם בערגל גלײַך —
מײַן קינד, וועסט זײַן דאָס וועגעלע,
אויף מײַן וועג;
און צאַלרײַך וועסטו זײַן:
קינדס־קינדער וועלן פאָרן
אײנס אויף ס׳אַנדערע.

צו אַ גאָרטן כ׳וועל זײַן,
וועט מען אַרומשפּאַצירן,
נאָך מײַן שאָטן,
וואָס אַמאָל געוועזן...

# דאָס ליד פון אייביקייט

דאָס ליד פון אייביקייט, ס'ליד,
אַן מינדסטן שאָרך,
וועט שלומערן אַזוי,
אינם לעבנסלאָזן רו.;
קומען וועט אַ טרויערער צו,
מיט ליפּן שטיל,
און מיט שווייגנדיקע טריט. —

שטילער, ווי די טרער פונם טרויערער,
וואָס וועט פאַלן אויפן גרוב,
וועט אַ ווייע טאָן אַן אַ הויך,
דאָס ליד פון אייביקייט. —
גרוילאַכער, ווי דער גרויל,
דורך די ביינער גיט אַ ציטער,
דאָס ליד אָן אַן אויסלאָז —
וואָס בלאָסט זיך און בלייכט זיך,
און שאָטנט און שלייערט זיך,
ס'גנעמיט אין אַזאַ היל,
ווי אַש אַזוי גרוי!
אין אַנגסט אַזוי מיין זעל,
גליווערט ביזן גלוט,
ווי בליי אַזוי שווער —
אַן ריר און רעג,
אַן זון און זין,
די צייט זיך ציט,
אין ליד פון אייביקייט...

* *
*

וואָס הער ערשטער, וועט דערגרייכן,
וועט דער לעצטער, ניט דערהערן;
וואָס אַ שאָטן, וועט פאַרבלייכן,
וועט אַן אַנדערע שיין ווערן.

## אויף דערווייל

1

בין איך אויף דערווייל,
בין איך אויף אַ מייל,
בין איך אויף אַ שפּאַן,
בין איך אַלץ פאַראַן.

בין איך, ווי אַ קלאַנג,
בין איך, ווי אַ זאַנג,
בין איך, ווי אַ שיין,
בין איך, וואָס דאַרף זיין.

בין איך אויף דערווייל,
וואָס איז דאָס געאייל?
וואָס נישטאָ קיין צייט?
ביז ווען, וואָס פאַרווייט.

2

בין איך אַ דערווייליקער,
אַ דורכגייענדיקער,

אַ דורכלויפנדיקער,
וויל איך זיך אָפּשטעלן אַ טריט,
זיין וואָס לענגער אַ וויל;
וויל איך מיין שפור איבערלאָזן,
מיין שיין דורכטראָגן
און ווייטער, וואָס דורכפירן.

בין איך אַ זונענדיקער,
אַ שאָטנדיקער,
אַ געמיש פון רו און אומרו —
וויל איך איינציקווייז
יעדעס טיילעכל איבערגעבן;
נישט אין איין מאָס,
נישט אין איין צייט,
זיין, וואָס לענגער אַ וויל.

3

טראָג, מיין האַרץ!
טויזנט געדאַנקען
אין איין נשמה —
האָפּסטו מער,
בייַנקסטו מער
אויף נאָך אַ געדאַנק.

טראָג, מיין וועלט!
יעדעס טיילעכל,
אַלע פאַרשיידנהייטן,
צוזאַמען,
באַזונדער,
וואָס דער מענטש האָט אויסגעטראַכט.

4

נישט איינהייטלאַך איז דאָס לעבן,
ביינקען אַ סך נאָך דער איינהייט;
ביינקט די איינהייט נאָך אַ סך. —
דריי זיך, מיין וועלט!
כאָטש ביזן אייביקייט —
זינלאָז!
ציל-לאָז!
קענסט אַלץ דערטראָגן.

5

טאַנץ אריין, מיין האַרץ, אין קאַראַהאָד,
דער שפּיל איז צוזאַמען;
דער נאָכשפּיל איז באַזונדער.

זינג אַריין, מיין האַרץ, אין קאַראַהאָד,
דאָס זינגען איז אַ סך;
דער נאָכקלאַנג איז אַליין.
שפּיל אַריין, מיין האַרץ, אין קאַראַהאָד,
איך וועל „זיך" שוין אויסזוכן,
איך וועל „זיך" שוין אויסגעפינען,
דאָס טראַכטן פון נשמה איז אַליין —
פון אַליין אויף אַ סך,
פון אַ סך אויף אַליין;
שפּיל זיך, מיין נשמה, מיט דער וועלט,
צוזאַמען און באַזונדער,
קענסט אַלץ דערטראָגן,
אַליין איז דאָס נאָכטראָגן —
דאָס נאָכגיין איז אַליין...

# שפּילט זיך די זון

שפּילט זיך די זון
מיט מיין קראַנקען-בעט,
טאַנצן די שטראַלן,
מיר צופּוסנס:
אַראָפּצוגיין —
און צוקאָפּנס,
די קראַנקען-שוועסטער,
לייגט העכער מיין קאָפּ:
אויפצוהייבן זיך —
ליגדערן די שטראַלן,
זון און לעבן!

שפּילט זיך די זון,
ביי מיין קראַנקען-בעט;
די זון שוין צוקאָפּנס,
וואַרעמען די שטראַלן,
עפענען די אויגן —
און צופּוסנס, די קראַנקען-שוועסטער,
די קאָלדרע פאַרדעקט. —
שפּילט זיך די זון!
צוקאָפּנס, צופּוסנס,
שוין אין גאַנצן;
האָף איך שוין געזונט ווערן,
וואַרט איך שוין,
פון שפּיטאָל אַהיים צו גיין,
נאָך איידער פון בעט,
כ'קען אַ פּוס אַראָפּשטעלן.

שפּילט זיך די זון!
און די קראַנקען־שוועסטער,
שמירט די שוואַכע גלידער אויס,
און שטאַרקט זיי:
אַראָפּצוגיין!
אַהיים צו גיין!
וועלכער קראַנקער וואַרט נישט
אויף אַ היים צו גיין?...

## לאָמיך אויפגיין

לאָמיך אויפגיין
און אונטערגיין,
ווי די זון,
גאָלדיק
און קופּער־רויט;
און דער הימל,
מיט טויזנטער וואָלקענדלעך,
אין ווייסן, בלויען אָפּשיין,
באַגלייט —
און אויף דער ערד,
נידעריקער, נידעריקער,
זיך לאָזן אַראָפּ,
דורך גאַרטן און וואַלד,
פלאַכער, פון דאָס גראָז אין פעלד,
זאָל זיך טונקען אין לעצטן שיין.

זאָל זיך אויסשפּרייטן,
אַ טרויער־שאָטן,
הינטער מיר;
טונקעלער, טונקעלער,

ביזן לעצטן שטראַל —
נאָר, צוריק אויפגיין,
כ׳זאָל איבער דער ערד
מיטן פרישן מאָרגן־טוי;
און צוריק אויפשיינען,
ווי די זון;
ווייטער צו לויכטן,
איבער דער וועלט...

## זאָל לעבן מיין ליד

יעדעס מינדעסטע געווינס,
פרייט אַן אָרעמאַן;
נישט געגוג, איז ס׳גרעסטע געווינס,
דעם רייכנמאַן —
נאָר, כ׳טויש ניט אויף געווינס,
מיט קיין איינציק ליד,
וואָס דעם אָרעמסטנס פרייד
באַלד פאַרגייט אין נויט;
און דעם רייכסטנס גליק
שטאַרבט אָפּ, מיט זיין טויט. —
כ׳בייט נישט איבער, אויף געווינס,
אַפילו ס׳קלענסטע ליד,
וואָס בלייבט דען, נאָכן טויט?
כאָטש אַן אָנדענק פון אַ זעל —
זאָל לעבן מיין ליד!
וואָס איינגעשמידט מיין גייסט.

# באַלאַדע פון אַ אינגל

## א

טונקל-אָפּגעריבענע בלעטלאַך,
זיינען מיינע קינדער-יאָרן;
אויף אַן ענג און בלאָטיק וועגל,
בין איך מיר אַדורך געפאָרן.

בלאַסע בעקלאַך, שוואַרצע אויגלאַך,
ציטערדיק-בלייך אַרום שיינען;
און די פיסלאַך שפּרינגען אונטער,
יעדן ווינקעלע זיי זיינען.

פון מיין הויף און אָרעם שטיבל,
ביז אַ געסל אויסגעפונען;
בין איך מיר אַזוי פאַרקראָכן,
ביזן מיטן מאַרק אַ ברונען.

אויסגעשמירט זיך ביזן נעזל,
ביזן העמד זיך איינגעבראָדזשעט;
און די אויגעלאַך פאַרוויינטע,
וואָס איך האָב פון היים פאַרבלאָנדזשעט.

ביז די מאַמע אויפגעזוכט מיך,
זיינען שכנים אָנגעלאָפן;
און דערווייל האָב איך אַ זיידן,
מיט אַ גראָשן אָנגעטראָפן.

און אַ באָבע פאַר אַ „צווייער“,
אָנגעזאָגט האָט — נישט פאַרקריכן;
און דאָס נעזל אויסגעריבן,
פאַר דעם לויפן מיך שוין זוכן.

האָט די מאַמע אָנגעשריגן:
פרעמדע גראָשנס, זוכסטו נאַשן;
און אַזוי אַריין געקריגן —
ביז די הענטלאַך אָפּגעוואַשן.

אינם ענגן הויף אין שטיבל,
ס'גאַנצע שפּיל-צייג פון מיין לעבן —
פלעגן טאַטע, מאַמע שמועסן,
מיך אין חדר בעסער געבן.

ב

צו סראָל יאַנקל מלמד,
האָט טאַטע מיך אָנגעדונגען;
ביז עברי מיטן חומש,
ביז פשטות זאָלן קלינגען.

און קיין בעלפער דאַרף איך ניט,
זאָל מיך אין חדר פירן;
איך קען גיין שוין ווייט אַוועק,
ביז מיטן מאַרק שפּאַצירן.

ג

דער טאַטע האָט גענייט קאַפּאָטעס
און מיר האָט ער געמאַכט אַ יאַקל;
פלעג איך זיך שפּילן מיט קנעפּלאַך —
האָט ער מיר אָנגענייט אַ העקל.

האָב איך געוויינט פאַרן חדר גיין:
אַ קאַפּאָטקעלע מיט הויזן;
האָט מאַמע צעטרענט אַן אַלטע קלייד,
פון אָפּגעבליאַקעטע רויזן.

האָב איך געוויינט פאַרן חדר גיין:
דאָס פּאַסט פאַר אַ לייבצודעקל —
האָט טאַטע דעם רימען אַראָפּגעלאָזט,
ביז אַהינטער דעם יאַקל.

האָט מאַמע עפּעס אַנדערש געמאַכט,
פון בלומענדיקן קליידל:
אַזאַ פיין ציצה־כנפות׳ל,
וואָס פּאַסט זיך אונטן איידל.

ד

האָט די מאַמע אין אַ טלית
מיך אַרום געוויקלט;
נישט געזען די שיין צום חדר —
האָב איך אַפּיר געשיקלט.

מאַמע׳ס סידור אונטערן אָרעם,
איך האָב פאַרזען דערגעבן;
איז ער מיר אַראָפּגעפאַלן
און איינגעריכט מיין לעבן.

און דאָס ערשטע מאָל ביים רבי׳ן,
איז ביי דעם חדר פירן;
מאַמע האָט געוויינט אויפן סידור,
ווי עפּעס וואָלט פּאַסירן.

ה

סראַל יאַנקל שוין מיין רבי,
מיט זיין קאַנטשיק־לאָקשן בערדל,
מיט זיין חדר, טיש אָן ביינקלאַך,
מיט זיין בעלפער מיטן טייטל —
און אַ גאַנצע כאַפּטע קינדער,
אויפן פּאָדלאָגע זיך זיצן,
צופּען, דלובען זיך די נעזלאַך,
ווי די רבי'צין ביים שייטל.

סראַל יאַנקל שוין מיין רבי,
לערנט אַזוי און זיפצט זיך אונטער,
זיפצט אַזוי און הוסט זיך אונטער,
גיט אַזוי אַ שפּיי דערנעבן;
שרעקט זיך נאָכדעם פאַר זיין שפּייעכץ —
נו, נו, גוט, געדענק שוין בעסער!
חמור קאָפּ, מ'עט דיך פאַרהערן —
האַרבער ענין איז דאָס לעבן.

העלפט דער בעלפער, זאָגט שוין אונטער,
מיטן טייטל שמייכלט איבער,
ווער עס קיצלט אים די פּיאַטעס,
שטעלט ער צו ביים פּוס אַ קלעצל —
ביסט שוין גרעסער, קענסט שוין בעסער,
פון אַ גראָשן, ביז אַ צווייער,
גיב דער רבי'צין צו לייזן,
זי באַקט גוטע ציבעלע־פּלעצל.

האָב איך אויסגעלערנט אין חדר,
גאַנצע תורה אויף די פיסלאַך;
און פאַרביסן ציבעלע-פלעצלאַך,
ביז געגאַנגען מיך פאַרהערן —
טאַטע האָט געפרעגט די סדרה —
מאַמע האָט באַטראַכט די בעקלאַך —
און די רבי׳צין געפרעגט וואָס:
וואָסער פלעצלאַך מיך אויסצערן?

ו

אינם ווינקעלע פון חדר,
בין איך שטיל נאָכדעם געזעסן;
איז געקומען געזואויר ווערן,
מאַמע האָט מיך נישט פאַרגעסן.

פלעגן אַלע חדר-קינדער
זשעדנעדיק אַרום זיך דרייען;
אפשר וועט זיי אויך דער רבי,
לאָזן זיי אַהיים, מיט גייען.

האָט זיך דער רבי, צעהוסטנדיק,
מיט אַ שאַל אַרומגענומען;
און געקראַגן פאַרב אין באַקן,
מאַמע איז נאָך מיר געקומען.

און מיין פּנים פאַר דער מאַמען,
רבי האָט געטאָן באַשיינען:
קען שוין עברי מיטן חומש,
ווי אַ קריסטאַל וואַסער לייענען.

ז

עס זיינען דער מאַמען
די אויגן פאַרלאָפן;
ווי רבי'נס טייט-העלצל,
איר האַרץ וואָלט געטראָפן.

דער רבי אַ קראַנקער,
איז איר ניט געפעלן;
פאַר שרעק האָט די מאַמע
געטאָן מיך פאַרשטעלן.

עס האָט זיך די מאַמע
געשראָקן אַצונדער;
אַ קראַנקער סוכאָטניק,
וואָס לערנט מיט די קינדער.

זי וועט מיך ניט לאָזן
שוין לערנען ביים רבי'ן;
זי קען מיך פאַרהערן
די פשטות פון לעבן.

האָט טאַטע מיט מאַמע
גענומען זיך קריגן;
ווי קענסטו אַ רבי'ן
אין מיטן זמן קריגן?

ח

געשיקט האָט דער רבי, צום טאַטן,
ביים רב, זיך צו לאָדענען, קלאָגן —
האָט מאַמע אויך מיך מיטגענומען,
זי וועט דאָרט דאָס איריקע זאָגן.

דער רב האָט געטראַכט אין דין־תורה,
מיט קלאָרע און ליכטיקע אויגן;
און יעדן באַזונדער געפרעגט וואָס,
און מיך ביי דעם הענטל געצויגן.

אַהיים לויף, דו בלאַסינקער אינגל,
און שפּיל זיך אַביסל מיט ווע׳מען —
צום „זמן" איז נישט ווייט, באַלד פאַראיבער,
די „רעשט" זאָל דער טאַטע נישט פאַרשעמען...

ט

מאַמע׳ס שמייכל אויף מיין פּנים
האָט אַרויפגעשיינט;
ווּעסט מיט טאַטן די לבנה
מחדש זיין היינט.

שלום עליכם דיר, לבנה,
ביסט דאָך עפּעס בלאַס;
קריגסט אַ רויטן קנייפּ אין בעקל,
זיי נאָר ניט אין כעס.

עפּעס האָט זיך מיר געזונגען,
וואָס געווען איז באַנג;
פון אַ חדר, נייעם רבי׳ן,
וואָס געהערט אַ קלאַנג.

י

חול־המועד איז דאָס געווען,
יום־טוב׳דיק איז אַלץ געווען,
טאַטנ׳ס באָרד געווען פאַרקעמט,
מאַמע׳ס פּנים האָט געשטראַלט:

און דאָס כלה-מיידל זעסט,
אַלץ דאָס מיידל אויסגעפּוצט —
קומט אַ חתן צו איר היינט,
און צו מיר אַ רבי קומט,
אויפֿן טיש דער כבוד גרייט,
פֿאַר די קומענדיקע געסט.

יא

איך האָב זיך געגרייט מיט מיין שוועסטער,
אָן רייד, אַזוי שטיל זיך געגרייט;
נאָר, איר צום געפֿעלן מ׳עט פֿרעגן —
און מיר, וואָס פֿאַר אַ סדרה גייט?

איך האָב פֿאַרן הויז אַרומשפּאַצירט,
געדרייט זיך פֿון נייגיר דערזען;
אַ רבי, אַזוי ווי אַ שדכן —
און דאַכט זיך, איזביידע געוועז.

געקומען נאָכדעם איז אַ חתן,
אַרום מיט אַ קרענצל באַגלייט;
עס האָט זיך דערוויטלט מיין שוועסטער —
און איך האָב געשטעלט זיך אין זייט.

און שידוך און כבוד — פֿאַרהערן,
מיט לויבן אַזוי פֿיל און רום —
פֿון שידוך איז גאָר ניט געוואָרן,
נאָר, איך ווער אַ תּלמיד פֿאַר אים.

יב

דאָס ערשטע שטיקל גמרא
האָב איך היינט געלערנט;

דאָס איז געווען אַ פּלוגתא,
וואָס ניט איז דערצערנט.

דער נייער רבי זאָגט מיר,
און ער שפּריצט פון מויל;
זאָג, זאָג וועסט קענען לערנען,
בחור׳ל, גאַר וואויל.

האָט גרינג געמאַכט דער רבי,
חזרנ׳דיק אויפסניי;
און מיט אַ קנייפּ אין בעקל,
בחור׳ל פאַרשטיי.

און מיטן גמרא־ניגון,
פּלפּול׳ט זיך און דרייט;
אַ שידוך אויסצופירן —
מיטן מלמדות גייט.

יג

עס האָבן די קינדער
אין קנעפּלאַך געשפּילט;
און פּאַלאַנט און פּילקע
זיי האָבן געצילט.

די גמרא׳ס אַ פּלוגתא
געווען איז צו שווער;
דאָס שפּילן איז גרינגער,
פאַרשטייען זיי מער.

דער רבי איז נישטאָ,
דאָס חדר פאַרדרייט —

ווּעסט קריגן אַ סילוק,
די רבי׳צין שרייט.

## יד

איך האָב זיך הערדוויטלט שוין היינט,
געקומען פון שפילן אין הויז;
האָט טאַטע און מאַמע געמיינט,
דאָס לויכט זיך די תורה אַרויס.

מיר האָבן אַ טאָג אָפּגעשפּילט,
דער רבי אַ שידוך פירט אוים —
איך האָב ווי אַ זינד דאָס געפּילט,
פון חדר, דאָס זאָגט מען נישט אויס.

איז טאַטע געגאַנגען מיט מיר,
פאַרטיפט זיך אַזוי אינם רעיון;
געגאַנגען פאַרהערן דעם שיעור —
צום חברה עין־יעקב דעם דין.

## יה

נאָכן לערנען מיט די חברה,
האָט דער דין מיך גערופן:
בחור׳ל, קום, לאָמיר הערן,
ווי נשמות באַשיינען גוף׳ן.

ווּעסטו ווערן אויך אַ רבי,
מיט אַ חברה אַזוי לערנען —
יעדן פלעק פון זינד ריינוואַשן,
נשמה מוז דעם גוף באַוואָרענען.

איז פארן דין מיטן טאטן,
כ'האב דערשראקן זיך פאר ביידן;
אז מיין רבי איז א שדכן —
וויל ער בעסער שידוכים ריידן.

יו

א גאנצע משפחה שניידערלאך,
מיט פינגער-הוטן שוין —
האט מאמע שוין געוואלט אנטאן מיר,
פון תורה'לע א קרוין.

דעם טאטן האט די נאדל א שטאך געטאן,
דאס בלוט זיך אויסגענאגט —
„א שניידער, שוסטער איז קיין מענטש נישט!"
א שפריכווארט זיך געזאגט.

האב איך געקראגן אן אנדער רבי'ן,
און רבי'לאך שוין פיל;
איך האב געקענט שוין זיך פארהערן,
ביי וועמענען איך וויל.

יז

דאס איז געווען אין שווערן ווינטער,
שוין זויער געווען פון קרויט און ברויט;
און מאמע דזשובעט, לאטעט די נויט,
פון אויבן ביסעל ארונטער.

האָט מאַמע ס׳פאַרריכטע אויסגעקליבן,
דעם קינד אין הענטל אַריינגעהויכט;
אַ שמאַטע איז נאָך איבערגעבליבן,
וואָס האָט זיך אינם טעפל געקאָכט.

אין דאָרף אַריין איז טאַטע געגאַנגען,
נישט געהאַט שוין צו טאָן אַ שטאָך —
אַ שמאַטע האָט דער ווינט אויפגעהאַנגען
דאָרט ערגעץ אויפן בוידעם אַ לאָך.

האָב איך דאָס רבי־געלט גענומען,
געבראַכט אין שטוב אַריין אַ ברויט;
איז מאַמען אַ געוויין אָנגעקומען:
מיין קינד! וואו וועסטו לערנען אין נויט?

## יח

פינחס — ביי דעם דין אהרן־פינחס,
לערנט בחינם שוין מיט מיר;
פריער פאַר גרויען, האַלב־באַגינען,
וועקט מיך מאַמע אויף צום שיעור.

ציטערן וויך אויפן לייב די פינגער,
מאַמע בּיסלאַכווייז צעשאַרט;
אַלע פעדימלאַך פון שלאָף רייסט איבער:
רבי — מיטן לערנען האַרט.

גייט צו אַזוי שטיל, מיין מאַמע׳ס וועקן,
מיט אַזוי פיל צאַרטקייט רייך;
וועסט זיך שפּעטער, שפּעטער שוין צולענען,
מיטן גרעסטן למדן גליך.

## יט

האָט טאָג מיט דער נאַכט זיך געטוליעט,
און איינער דעם צווייטן פאַרהילט;
אַ שוואַרצער הונט איז נאָכגעלאָפן
און האָט פון דער ווייטנס געבילט.

איך האָב ניט אַפילו געזען,
גאָר ווען מען פאַרמעגן ער היט;
איך האָב נאָר דערהערט בלויז זיין בילן,
דער הונט האָט דערהערט אין מיין טריט.

מיט שרעק בין איך דעמאָלט אַנטלאָפן,
עס האָט נאָכגעבילן דער הונט:
וואָס בלאָנקעט אַרום זיך דאָס אינגל ?
עס שלאָפט נאָך מיין ווירטין אַצונד.

## כ

עס האָט געשמעקט מיט שוויס פון רבי'נס קאָפּל
און פעדערן האָבן געקלעפּט דערין;
ביים לאָמפּ האָט זיך נאָך געדרייט דאָס שוואַרצאַפּל,
געגענעצט און געלענקט זיך הער און הין.

עס האָט געשמעקט דערנאָך פון רבי'נס ציבוק,
די באָרד אַזוי פון טאַבעק ביזן עק;
און באָרד אין האַנט, דער רבי איז זיך „בודק",
ווי אויפן כשרות וואָלט געווען אַ פלעק.

נאָר עפּעס האָט זיך ניט געפּאַסט צום ניגון,
צו מיינע פּאה'לאַך, ווי איז דער דין ?
ביז באָרד און גאַרטל האָט זיך געטאָן וויגן,
מיט „אלו טרפות" אַהער, אַהין.

האָט ביז צום אַלמער ספרים זיך געלאָזן,
אַ שפּין פון סטעליע, און שפּינוועבס געוועבט;
האָב איך אַ שטויב, געדענק איך, אָפּגעבלאָזן,
וואָס אויפן ניכטערן קעל זיך געקלעפּט.

## כא

אַ שטיק אויפן טאָג שוין געווען
און „שיעור, געלערנט אָפּ אַ שטיק;
געבראַכט האָט די רבי'צין „באַוואַרקע"
פון וואַסער מיט מילך אַ שליק.

געזאָגט האָט מיר רבי'צין גוט מאָרגן,
אָן אָנבייסן האָסט שוין פאַרדינט;
דיר פאַסט שוין צו דאַוונען אין שטיבל,
און אַ גאַרטעלע, פאַר מיר געפינט.

האָט אויסגעטאָן רבי די שפּאַקולן
און אויף אַ בלאַט רמב"ם געלייגט;
דערזען אָן די ברילן אַ ווערטל —
און ביז זיבעטן הימל געשטייגט.

און גרויס זיך געהאַלטן און שפּל,
די זיבעטע חכמה דערקלערט:
אָן אַדלער אין הימל קען שוועבן
און טרפה איז גאָר אויף דער ערד...

דעם ערשטן געדאַנק זיך געשפּינען,
אַזוי אין מיין קינדערשן זין;
ביז ס'גאַרטעלע האָט זיך פאַרפּלאָנטערט —
און שמות פאַרוויקלט דערין...

## כב

„מיין צען־יעריק אינגל,מיין",
זאָגט מיר מאַמע, ס'איז נישט שיין,
וואַרפסט אַוועק רבי'צינס געשאַנק. —
זאָג איך, עס טוט מיר גאָר ניט באַנג,
איז גרין געווען, ווי אַ זשאַבע־זומפּ,
און ווי אַן אויסגעריבענער שטרומף;
שעטנז, איז שוין כשר'ער מיין,
ווי דאָס גאַרטעלע, הייליק־ריין. —
לאַכט דער טאַטע ,ער לערנט געווים:
דעם דין פון אַניצעס און פים. —
נאָר, איך געדענק פון טאַטנ'ס שפּאַס,
מיר קויפט אַ גאַרטעלע אַ נייס.

## כג

די ליידיקע טעג אין בית־מדרש,
די ליידיקע נעכט אינם שטיבל;
איך פלעג, וואו אַ סענק איז, אָפּשניצן,
דאָס מעסערל שאַרף, ווי אַ היבל.

צעשרייט זיך אַ קעסט־יונגערמאַנטשיק.
צו כ'האָב ניט וואָס אַנהערש צו שפּילן;
און בעט מיך, ער וויל זיך צולענען,
איך זאָל אים מיט עפּעס פאַרהילן.

נעם איך דאָרט ר' יעקב'ס קאַפּאָטע
און היט מיך, אים ניט צו דערצערנען;
דערווייל שיקט מיך איינער אַ שליחות,
ער וועט שוין הערפאַר מיט מיר לערנען.

דער זאָגט מיר, גיי קויף פּאַפּיראָסן,
דעם פּרוש אַ נאָדל מיט פאָדעם;
און לערנט זיך אַליין ביחידות,
פאַרנייט זיך אַליין די תחתונים.

אין מיטן, אַריין קומט דער טאַטע,
מיך אָנגעקוקט, שאַרף מיט די בליקן;
אויב לערנסט זיך דאָ נייען תחתונים,
איך וועל דיך שוין אַנדערש-וואו שיקן.

כד

אין אַן אַנדער שטעטל,
וואו עס וואוינט אַ רבי,
וואו, פון שטאָט די חסידים
פאָרן דאָרט אַהין —
פאָרט ר׳ יעקב חסיד,
שאַפן מיר צו לערנען,
כאָטש ביים רבי׳נס איידעם
און ביים רבי׳נס זין.

פאָרט שוין מיט דער טאַטע,
שאַפן „טעג“ צו עסן,
שאַפן וואו צו שלאָפן
און ביים רבי׳ן זיין. —
טו איך זיך געזעגענען,
שוועסטער, ברודער, אַלע,
מאַמע מיך באַגלייט שוין
ווייט אין וועג אַריין.

כה

אין דעם שטעטל וואוינט אַ רבי,
און די חסידים אין דער שטאָט;
קומען חסידים אָנצופאָרן,
וואו דער רבי נעמט אַ באָד.

זינגט אַזוי דער בעל־עגלה
און די פערד אַ שמיץ געטאָן;
ווי די בעזימלאַך זיך פאַרטשקען
ביז דער רבי טוט זיך אָן.

שרייט אַ חסיד אין דער מקוה,
רבי טוט זיך טובל זיין;
שמייסן חסידים זיך די לייבער
ביז אין אונטערשטן אריין.

האַלט אַ חסיד גרייט דאָס קאַפּל,
אָנצוטאָן אויף רבי׳נס קאָפּ;
גלוית־ראָש — ער טאָר נישט ווייזן —
בלויז אַנטפּלעקט זיך ביז אַראָפּ.

האָט געזונגען דער בעל־עגלה:
חסידים צו דעם רבי׳ן פאָרט;
און געקנאַקט זיך מיטן בייטשל,
פאַר די חסידים, פאַר דער באָרד.

כו

קומט יעדע צוויי וואָכן
די מאַמע צו פאָרן,

איך טאָר נישט פאַרהוילן,
וואָס נאָר זיך געטראָפן,
ווען כ׳האָב נישט דערעסן,
ווען כ׳האָב נישט דערשלאָפן,
איך מאַך מיך פאַרגעסן
און נעם גאָר פאַרציילן,
וואָס ניים איז געוואָרן,
וואָס אַלטס זיך צעבראָכן.

## כז

ס׳גאַנצע שטעטל קען שוין מאַמע,
אַלץ דערצייל איך, אַלץ איך ווייז איר;
זאָגט מיר מאַמע, זי וויל זען,
אויך דעם צדיק, נרו יאיר.

זאָג איך מאַמען, אויף בית־עלמין,
אין אַן אוהל איז ער דאָ —
אַז די חסידים צו דעם רבי׳ן,
לאָזן ניט מיין מאַמען צו...

פליסטערן שטיל, מאַמעס ליפּן,
ביז אין טרערן זיך פאַרגייט;
ברענט אין אוהל אַ נר תמיד,
פאַר איר שעפּטשענדיק געבעט.

אינם אוהל אויף בית־עלמין,
זאָג איך מאַמען אַלצדינג צו;
וועל אויף יום־טוב אַהיים קומען,
זאָג עס אַלע, מאַמעניו.

## כח

געווען איז אין שטעטל אַ יאַריד,
געשמעקט האָט דער טויט אין דער מיט —
דער זאָגט — ס׳איז אַ פרעמדער געווען,
דער זאָגט — מ׳האָט אַ היגן געזען;
כאַפּט איינער זיך אָן נאָר אין אים,
באַשולדיקט אַ צווייטער נאָר דעם,
איז אַלץ אין געווימל אַריין,
דאָס וואָיען פון הינט אינם פּיין,
געצויגן דער קראַמף האָט אין מיט,
געבראָכן אַריין אינם יאַריד —
געווען דאָס געטומל איז גרויס,
געטראָגן מיט פלאַכטעס אַרויס,
אַ טויטן געשלעפּט אויפן קאַרק,
אַ טויטן געפירט פונם מאַרק,
געשטופּט זיך דאָס וועגל ביים ראָד
און ווייטער אַוועק אין אַ שטאָט...

## כט

געווען איז אַ טויטער יאַריד,
איז איבעריק געוואָרן דער טריט,
פון פרעמדן אַפילו אין זייט —
חער קראַמף האָט די קישקעס געדרייט,
ביז אונטערן בית-עולם די ווענט;
און טויטן-ליכט האָבן געברענט,
צוגלייך פון „סמענטאַש“ געלייכט,
נאָר איינע, ד׳אַנדערע געווייכט —
אין „קאַשטשאָל“ האָט ווײַרויך געברענט,
און אונטערן בית-המדרש די ווענט,

דער רב האָט ביים תהלים געבעט,
צום סוף פון משיח׳ן גערעט —
און איך, וואו געזען כ׳האָב אַ ראָד,
געוואָלט כ׳האָב אַהיים אין מיין שטאָט,
וואו מאַמע ווייט שרעקט זיך פאַר׳צער׳ט —
און האָט ביים ראָגאַטקע געהאַרט...

ל

געווען איז נאָך מיילן צום שטאָט,
האָט קאַרבאָל און כלאָרעק געשמעקט;
די זון האָט געברענט און געבראָט
און דאָרשטיק דער טויט האָט געלעקט...

דער וועג האָט בעל-עגלה פאַרשאָט,
געגעבן די בייטש, מיר אַוועק —
און שלשול דאָס פערד האָט געהאָט,
די פליגן געקלאַפּט מיטן עק.

אָן בעל-עגלה׳שער לשון, שטום,
געגאַנגען איז פּאַמעלאַך דאָס פערד;
געקוקט אויף די וועגן זיך אום,
און אפשר פאַר שרעק, וואָס מען הערט.

און מאַמע, ביים ראָגאַטקע פאַר׳צער׳ט,
ווי מיך נאָר דערזען, זיך דערפרייט;
איר האַרץ, האָט איר געזאָגט און געהאַרט —
וועל קומען אַהיים אַזאַ צייט...

לא

פון שטאָט דער דריי-טאָגיקער מאַרק,
האָט אויסגעמישט אַלץ אין גערויש;

די פּעסט, וואָס געשלעפּט זיך אַרום,
געגאַנגען אין האַנדל, אין טויש.

געווען דאָס געדרענג אַזוי גרויס,
אַ שפּילקע צו ענג אויף דער ערד —
דער קראַמף האָט געקאַרטשעט זיך איין,
און וואָס האָט געבראָכן, געיערט.

און טאַטע מיט מאַמע אין שטאָט,
אַ שטעל אויך געהאַט אינם יאַריד;
די שוועסטער און ברודער מיט זיי,
די פויערשע קאַפּאָטעס געהיט.

עס האָט איינגעהאַנדלט די שטאָט,
שוין נאָכן דריי-טאָגיקן מארק;
די פּעסט, וואָס געשלעפּט זיך אַרום,
געלייגט זיך צענויף אויף אַ באַרג.

לב

ערב-שבת כ׳האָב געזען,
תשעה-באב, איז געווען;
אַ געלויף אום אַלע ווייל,
נאָך אַ „טויטן-שיין" געאייל,
ביז אַ שכנ׳ס שטוב —
פון אַ כלה׳ס חופּה-קלייד,
שוין תכריכים אויפגענייט —
וואו אַ טויטער איז אין שטאָט,
פולן וואָגן אויפגעלאָדט,
פּאַרטיק איז דער גרוב.

ערב-שבת איז געווען
און דעם צער צוגעזען,

מאַמע צו ליכט־בענטשן גרייט,
טאַטע צו קבלת־שבת גייט,
גאָר אָן מיר אַליין —
פאַרן צער פון דער וועלט,
מאַמע׳ס פּנים זיך פאַרשטעלט;
שיינען טרערן דורכן געזיכט,
פאַר די שבת׳דיקע ליכט,
האַלט איין איר געוויין.

לג

שבת, שבת נחמו,
נאָכן תשעה־באָב;
נאָך די תורה לייענען,
אויפן בעלעמער דער רב.

זאָגט דער רב אַ תפלה,
גייט צו שטיל און שפּרייזט;
ביז צום אָרון־קודש,
נחמו — נחמו — טרייסט.

ביז צום כסא־הכבוד,
שוועבט זיין בליק אַרויף;
נחמו, נחמו עמי —
מגפה, הער שוין אויף!

קוקט דער רב אַרום זיך,
ווער עס איז אַלץ דאָ;
בעט צו גאָט פאַר אַלע,
נעם מיך בעסער צו.

זאָגן אַלע תהלים,
אינאיינעם מיטן רב;

שבת, שבת נחמו —
נאָכן תשעה-באָב.

## לד

זונטאָג אין קאַסטשאָל דער גלח,
מיט תפילות האָט דעם ווייַרויך געברענט;
און ער האָט געזאָגט און געמורמלט,
ביז אונטערן בית-עולם די ווענט.

אויפן בית-״סמענטאַש״ די טויטע,
באַגראָבט מען אין איטלאַכן טאָג;
אויפן בית-עולם, דאָרט רוט מען,
אין שבת קיין רידל נישט טראָג.

ליגן נישט-באַגראָבענע מתים —
דאָס האָט די כאָלערע פאַרשלעפּט;
שולדיק אין מגפה דער „ראַבין״ —
איך וואָלט אויפן „סמענטאַש״ געקעפּט.

נאָכדעם, האָט ער מיטן שטאָט-מייסטער,
דעם אידישן דאָזער געבראַכט;
אויסגעפּאַטשט אויפן בית-עולם,
די מתים, איין קבר געמאַכט.

## לה

עס האָבן צוויי מתים,
געברענט אויף דער נאַכט;
וואָס פון אַ נאָנט שטעטל,
צו קבורה געבראַכט.

איז אויפן בית-עולם,
געבליבן אַ סוד;

ווער, אונטערגעצונדן,
די מתים עס האָט?

צומאַרגנס, אַ חופּה,
אויף בית-עולם געשטעלט;
דער רב, האָט פון גלח,
גערעדט, וואָס ער שעלט.

דער רב אויף בית-עולם,
ער בעט גאָט, אויך דאָ;
פאַר אַלעמענס עבירות,
נעם בעסער מיך צו.

## לו

דאָס איז געווען אין מיטן וואָך,
און אונז באַשיצט פון מגפה נאָך,
וואָס מאַמע האָט אַלץ אָפּגעשווינט,
דאָס קליינע שוועסטערל מיט מיר —
און טאַטע דינגט פאַר אונז אַ פור,
צום עלצטן ברודער, וואו ער וואוינט.

און טויזנט ברכות מיטגעשיקט,
דעם שטעטעלע, וואָס גאָט באַגליקט —
האָט מאַמע הינגעבויגט דעם קאָפּ
און אירע טרערן אָפּגעווישט;
האָט טיפער צער זיך אויסגעמישט,
וואָס זי טוט, איר באַשיצונג אָפּ.

## לז

נאָך אַ פּאָר ביינקענדיקע טעג,
נאָך אַ פּאָר אומרואיקע נעכט;

וויפיל מאָל זיך איבערגעדרייט,
וויפיל מאָל זיך איבערגעוועקט.
„וואָס שלאָפסטו נישט?„ כ׳הער טאָן אַ פרעג.
דאַכט זיך, דאָס בעט געמאַכט צורעכט —
נאָר, דער שלאָף, אַפגעטאָנערהייט,
עפּעס פון דער היים, האָט געשרעקט.

נאָך אַזאַ שלאָפלאָזע שעה,
דאַכט זיך, שוועבט מאַמע נאָנט ביים בעט;
אָט גרוי און אָט שוואַרץ זיך געהילט,
און שלייכט און שאָטנט פאַרן בליק —
בלייבן אין שטעטעלע דאָ,
אומזיסט געוועזן יעדנס געבעט —
מיין ברודער, אפשר דאָס מיטגעפילט,
זיך געזעגנט, — קום בשלום צוריק.

## לח

עס האָט דער בעל-עגלה געאיילט,
אויף שבת צו קומען צוריק;
און איך האָב אין וויאָרסטן געציילט,
די שיין פון מיין מאַמען און בליק.

עס האָט אַלץ געדאַכט מיר, מען רופט,
אַזוי ווי געלאָפן דאָס פערד;
די בייטש האָט געקנאַלט אין דער לופט,
אַ ווידער-קול דאַכט זיך געהערט.

וואָס נענטער, געהערט אַלץ דעם קלאַנג,
אין ריח פון קאַרבאָל פון שטאָט;
די בייטש האָט געקנאַקט דאָס געשטאַנק,
געטריבן אַוועק פונם ראָד.

אַהיים זיך געאײַלט, פֿון דער פֿור,
נאָך אײדער אַ וואָרט, געפֿרעגט אױס;
אַ בשורה געזאָגט האָט שוין מיר:
אַ גוויעשער שכן פֿאַרן הויז.

לט

אָן רײד, נישט מער גערעדט,
באַנומען מיט די הענט;
די אױגן טיף אַרײַן
און פֿײַכט אין פֿלאַם געברענט.

און אין געזיכט די פֿאַרב,
ביז די קינבאַקן מיט;
ווי פֿלעקן אויף דער זון
האָט בלאַס און ראָז געגליט.

אַזוי געדענק איך נאָך
מײַן מאַמע׳ס לעצטע בילד;
פֿון טיפֿן צער דער בליק
אַרויסגעשטראַלט האָט מילד.

מ

דער טאַטע און קרובים
אַרום בײַ דער מאַמען;
די שבת-ליכט ציגדן
און בענטשן צוזאַמען.

די שבת-ליכט טריפֿן
און שמעלצן אין פֿלאַמען;
די שבת-ליכט ציטערן
אין שײַן פֿון דער מאַמען.

די שבת-ליכט וויינען
און בעטן צוזאמען;
די שבת-ליכט צאנקען,
גייען אוים מיט דער מאמען.

מא

דאס איז געווען אין טויטן געסל,
וואו יעדן מת מען פירט אדורך;
האט דאס געוויין פון מאמע׳ס לויה
זיך דורכגעטראגן, ווי א שארך.

און אויפן שליאך, די זייטן בוימער,
זיך צוגעבויגן, ווער דאס פארט;
האט בוים צו בוים שוין נאכגעוויגט זיך,
ווי מלוה-מת געווען אויפן ארט.

האט אלץ געוויינט מיט מאמע׳ס לויה,
ביז צום בית-עולם פון דער שטאט;
וואו נאר א טראט איז נאכגעגאנגען,
וואו טויטן-וואגן דורכגעראדט.

און גרינע ווערבעס אויף בית-עולם,
ביי מאמע׳ס קבר מיטגעוויינט;
וואס האט א מגפה פונם „זומער" —
אין הארבסט פארוועלקט אזוי פיל היינט.

אהיים צוריק-וועגס פון בית-עולם,
דער טאטע שוין צעבראכן, קראנק;
שוין שווער געווען, אהיים זיך שלעפן,
ווי אפגעהאקט די טריט אין גאנג.

מב

דארט הינטער בית-מדרש אין הויף,
האט קהל פון ברעטער געשטעלט:

אַ קראַנקן אבלים־געצעלט —
איז טאַטע געגאַנגען אין הויף.

געשטאַנען, פון ווייטנס געוויינט,
דאָרט הינטער בית־מדרש געצעלט;
זיך ביידע, די טרערן פאַרשטעלט,
דאָס יתומ׳דיק האַרץ האָט געוויינט.

די היים איז פאַרמאַכט שוין געווען,
שוין אויסגעשפּריצט, אויסגעשפּריצט ס׳הויז —
דער שרעק קוקט שוין סיי ווי אַרויס,
פאַרשלאָסן איז סיי ווי געווען.

דאָרט הינטער בית־מדרש אין פּיין,
האָט אָנגעשפּאַרט טאַטע דעם קאָפּ;
דעם קאָפּ שוין געלאָזט זיך אַראָפּ,
מיט שטילן, פאַרבאָרגענעם פּיין.

און ווערטער אַזוי מיט געבעט,
צום שטעטעלע פאַר מיר, מיין קינד,
אין שטעטעלע זיי מיר געזונט —
האָט נאָכבאַגלייט טאַטנ׳ס געבעט.

מג

אין שטעטעלע שבעה געזעסן,
נאָך מאַמע געשוועבט פאַר די אויגן;
האָט באַלד זיך אַ צווייטן מאָל שבעה —
נאָך טאַטנ׳ס לויה געצויגן.

איך בין ניט געווען ביי לויה,
דער ברודער געוואָלט מיר ניט זאָגן;
נאָר אָנגעהויבן נאָך אַמאָל שבעה,
דעם טאַטנ׳ס לויה באַקלאָגן.

אַ שבעה, נאָך שבעה געזעסן,
נאָך שלשים דער טרויער געבליבן;
אין טאָפּעלטן טרויער געלאָזן,
דער פּיין, וואָס אין האַרץ זיך פאַרקליבן.

## מד

ביים קליינעם בית־מדרש׳ל וואַנט,
מיין תפילה צו גאָט האָט געשטייגט;
דאָס ערשטע מאָל תפילין געלייגט,
אַ רצועה געוויקלט אויפן האַנט,
פון טאַטן די תפילין אָנגעטאָן —
מיין ברודער געזאָגט האָט שוין מיר:
אַ יתומ׳ל, תפילין לייגט פריער —
אַ אינגל פון צוועלף יאָר אָן.

ביים קליינעם בית־מדרש׳ל וואַנט,
די רצועות געוויקלט אַרויף,
די וואונדן געוויקלט צענויף;
צו גאָט, וואָס אַלעס אומשטאַנד —
געצווייפלט שוין כ׳האָב אין זיין גרויס,
וואָס רייסט אויס פון וואָרצל דעם שטאָם —
און טרינקט אָן אויך קינדער מיט סם —
וואָס שיקט גאָט אַ מגפה אַרויס?

ביים קליינעם בית־מדרש׳ל וואַנט,
ווי האַלב־מעלאַנכאָליש פון זין,
געפונען מיין לעבן דערין —
די רצועות געוויקלט פון האַנט,
די וואונדן געוויקלט זיך אויף —
דעם חלום, וואָס האָבן געשפּינט,
דער טאַטע און מאַמע פון קינד,
וואָס האָט זיך צעריסן צום סוף.

מה

סוף זומער, די ענד פון מגפה,
וואָס האָט זיך אין זומער געפּלאָדיעט;
האָט הארבסט געבראַכט אויפן בית-עולם,
געוויגט דאָרט, דעם פּאַרקאַן געהוידעט.

האָט האַרבסט זיך געשפּילט אויף בית-עולם,
געוואָרפן מיט בלעטעלאַך פּוילע;
און צוגעדעקט פרישע קברים,
פון נאַקעטע בוימעלאַך הוילע.

דער „אלול" געבראַכט האָט אבלים,
פון אַלע שטאָט-וועגן צעטראָגן;
גענומען האָט הארבסט אויף זיי רעגענען,
געאיילט די „קדישים" אָפּזאָגן.

מיין לעצטע טרער, דאָרטן געלאָזן,
נאָך מאַמען און טאַטן אין רייע;
צוריק-וועגס, האָט דאַמאָלט געדאַכט מיר:
דער האַרבסט, גייט מיר נאָך מיין לויה.

אין שטאָט-שול, אַזוי פיל קדישים,
קיין קדיש געוועז, ווער ס'זאָל הערן;
איז איינעם געבליבן דאָרט שטעקן,
אַ קדיש, פאַרשטיקט אין די טרערן.

געשטעלט האָב איך זיך, אין אַ ווינקל,
דעם קדיש אין וואַנט אַריין זאָגן;
האָט ווער געוואָלט נאָכזאָגן — „אמן",
איך האָב נישט געקענט דאָס פאַרטראָגן...

און פון מיין געבורטס-שטאָט, דער „פּנקס",
מיר איז אין זכרון געבליבן;
מיין קינדהייט — אַ יתום'דיק בלעטל,
וואָס האָט זיך פון האַרבסט אומגעטריבן...

## פּעטערסאָן — 1912-1913

(באַלאַדע)

### א

יאָרן, נאָך יאָר צענדליק, וועבן
אין שטאָט פּעטערסאָן פאַבריקן;
האָט געשטויבט זיך אין דער לופטן,
ביזן אָטעם צו פאַרשטיקן.

האָט געטשאַדעט פון די קוימענס,
שוואַרץ און רויכיק, ביז די הימלען;
און די וועבעריי-פאַבריקן,
מיט אַ ראַשיקייט זיי טומלען.

און די וועב-שטול אויף איין לשון,
רוישן, רוישן ביי דעם וועבן;
וויפיל פעדים זיך צערייסן,
מיט די נויטן פונם לעבן.

אָט אַזוי, וואָס צוגעקניפט זיך,
וואָס אין רוקן און די אויגן;
איינס אינאַנדערן, איינס אינאַנדערן,
אַלע פעדים אָנגעצויגן.

און אַזוי ביז דורכגערעדט זיך,
ביי דעם וועבן לאַנגע שטונדן;
וואָס צעריסן, דאָס צוקניפן —
אַלץ, וואָס וועבט. האָט זיך פאַרבונדן.

ביז רעוואָלט האָט אויסגעבראָכן,
ניינצען-צוועלף — ניינצען-דרייצען;
האָט שטאָט פּעטערסאָן געזאָטן,
ווי איר „ריווער“ וואָלט פּאַרפּלייצן.

פון די ענגע וועב-פּאַבריקן
האָט רעוואָלט אַרויסגעקלונגען;
הערצער האָבן אויפגעפלאַטערט,
יונג נאָך יונג איז נאָכגעשפּרונגען.

און די עלטערע, וואָס שווערער,
ווער פון לאַסט אַראָפּ געבויגן;
האָט געמאָנט, געמאָנט פאַר אַלעם,
מיט אַזוינע בייזע אויגן.

ביז די וועב-שטול שוין אַנטשוויגן,
האָט אַ ציטער דורכגעדרונגען;
און פון פּנים׳ער דערוויטלט,
פון רעוואָלט, האָט פרייד געזונגען.

האָט אַ צענויפגעמיש פון וועבער,
וואָס זיך פרעמד, אין אַרט און שפּראַכן;
מיט אַ טאַנץ, אַרויס געמאַרשירט
און דערפילט זיך גאָר איינגלייכן.

ביין אַזייגער אויפן מאָרגן,
וואו זיך אַלץ געפונען שטייען;
האָט גענומען זיך אָפּשטעלן,
שטיל, אין אַלע וועבערייען.

צען אַזייגער אויפן מאָרגן,
פרישע שטראָמען, אין די רייען;
האָט גענומען זיך אָפּשטעלן,
שטיל, אין אַלע פאַרבערייען.

און דער טאָג, געווען איז פרילינג,
נייעם אָטעם האָט געגעבן;
און געצויגן און גערופן:
איבערלופטערן דאָס לעבן.

האָט שטאָט פּעטערסאָן געזאָטן
און זיך כוואַליענדיק געהויבן;
ווי די האַמבעס וואָלטן פּלאַצן,
האָט אַ פליִיץ געטאָן ביז אויבן.

ב

ביי די וועבערייען,
פּאָליציי פּאַטראָלן;
האָט זיי ווער געדונגען —
וועט שוין ווער באַצאָלן.

מיט „קלאָבס" און דובינעס,
די קעפּ זיי צעשפּאַלטן;
הוראַ אויסגעשרייען!
„דעטעקטיוום" זיך באַהאַלטן.

ביי די פאַרבערייען,
„מאָטאָר-סייקלס" פליִען;
האָט זיי ווער געדונגען —
לויפן זיי זיך מיִען.

פערד מיט די קאָפּעטעס,
טראַמפּלען אויפן לעבן;
קענען גאָר נישט פאַרבן,
קענען גאָר נישט וועבן.

ג

עס האָט זיך די מאַסע באַוועגט,
פון יאָג און אַ שטופּ און אַ שטוים;
און האָט אין אַ וואָרף זיך גערעגט,
אין טויזנטער הערצער געברויז.

און האַרץ אין אַ האַרץ, אין אַ גאַל,
און גאַל אין אַ גאַל, אין אַ שטיין;
מיט קלאַנג און געפּייף און געשאַל,
די מאַסע געלאָזט האָט זיך גיין.

האָט שטראָמיק די מאַסע געפּלייצט,
אַ הולך און הלוך ביזן טראָט;
מיט טויזנטער בליקן גערייצט,
וואָס, ווער וויל אָפּריגלען דאָס אָרט.

און קאָפּ אויף אַ קאָפּ, אַ גיגאַנט,
און אויג אין אַן אויג אין אַ שיין;
האָט גרוים אַזאַ ריז זיך געשפּאַנט,
די מאַסע געלאָזט האָט זיך גיין.

ד

„טוירן־האָל“ און „האָלווישע־האָל“,
מיטן „אָדיטאָריעם“;
האָבן צעגויפגעזאַמלט הורמעס,
אַלעמען אינאיינעם.

קעפּ אויף קעפּ, ביז צו דער בינע,
אָנגעפּאַקטע זאַלן;
און פון טויזנטער ביז איינעם,
האָט געהילכט דאָס שאַלן.

הענט, זיך האָבן לויז געריסן,
מיט די אַפּלאָדיסמענטן;
און „דעטעקטיוווס" האָבן נעזער,
נאָכגעשמעקט פון הינטן.

ה

טויזנטער מיט סטרייקער,
פון הונדערטער פאַבריקן;
מיט אַן אָרעם אויסזען —
און הונגעריקע בליקן.

האָט פון דער טריבונע,
אויף די פאַרזאַמלונג ערטער,
פייערדיק באַגייסטערט,
מיט פלאַמענדיקע ווערטער.

וואָרט צו וואָרט געצונדן
און האַרץ צו האַרץ באַהאַפטן;
אָט אַזוי אַפּלאָדירט,
האָט אויג צו אויג געלויכטן.

ו

נײַנצען-צוועלף! נײַנצען-צוועלף!
רודאָלף קאַץ פון בימע;
אַ פייערדיקער אָראַטאָר,
מיט אַ ריזן-שטימע.

האָט זײַן קול געדונערט,
מיט אַ קראַך געשלאָגן;
און זײַן וואָרט אין בליצן,
האָט זיך נאָכגעטראָגן.

באָרים ריינשטיין — נאָך אים,
צילט, ווי פייל און בויגן;
גלייך אַזוי ראַקעטן,
וואָלטן נאָכגעפלויגן.

גענערעלי — פלאַמיק,
טוט אַלץ איבערגעגעבן;
איז אַליין אַ סטרייקער,
קען ער גוט דאָס לעבן.

אָליוו דזשאַנסאָן — בייסיק,
הויט און פאַרב טוט בייטן;
נאָר, פון זייט די שפּיקעס:
גלייך זיי נישט צו לייטן.

אַרטור ריימער — פעלזיק,
הייסט די מאַסן שטייען;
קלינגען וויפיל שפּראַכן —
מיט אַפלאָז געשרייען.

אויף דער בינע ווייזט זיך,
שוין דער גרייז דעליאָן;
פּאַטשן מאַסן הוראַ!!
מיט ערנפורכט פּאַרטאָן.

יונג אין גייסט דער קעמפער,
רעגט זיך אויף אין ריידן;
גרייז-גרוי, ווי אַ נביא —
נעמט פאַראַוים באַשיידן.

יונג און אַלט באַגייסטערט,
מאַסן הערצער גליען;
און פון בינע רעדט שוין:
הער זון פון דעליאָן.

ז

דאָס זייד נישט געפּאַרבט,
דאָס זייד נישט געוועבט;
דעם קאַמף, שוין געאַרבט —
דער קאַמף, ניי באַלעבט.

דער פרילינג שוין גרין,
די זון שוין מיט גאָלד;
דעם קאַמף, האָט אין זין —
מיט קאַמף, שוין באַצאָלט.

ח

עס האָבן פאַבריקן געפייפט,
די סטרייקער אין וועג;
אין לופט זיך געטראָגן דער קאַמף,
מיט סטרייקענדע טעג.

פאַרצייכנט אויף טאָוולען דעם זיג,
אויף "טוירן-האָלס" ווענט;
און די זייד-פאַבריקאַנטן מיט צאָרן,
זיי האָבן געברענט.

געפייערט אַ יום-טוב פון זיג,
אין ערשטן טאָג מאַי;
אין פענער געפלאַטערט האָט פרייד,
אַלץ אָטעמדיק פריי.

געצויגן האָט זיך ריי נאָך ריי,
פאַרשידן אין אָרט;
און פון די פאַבריקן אַרויס,
צום מאַי — מיט פאַראַד.

די סטרייקער — געווינס ביי געווינס,
געשאלט מיט הוריי;
און די זייד־פאבריקאנטן מיט טריק
און אפנארעריי.

דער זיג באלד פארמעקט זיך, פארמעקט,
פון טוירן־האל׳ס ווענט;
געווינס נאך געווינס פונם סטרייק,
פארשארט מיט די הענט.

פאבריק נאך פאבריק האט געפאכט.
מיט פאליצייאישן קנוט;
די מאסע צו לאסט האט געדראט,
פון סטרייק — א לאקאוט.

דער פירער פון סטרייק — רודאלף קאץ,
דעם סטרייק האט געהיט;
א „פיקעט-ליין״ מאסע נאך אים,
געגאנגען איז מיט.

ארום די פאבריקן באוואכט,
„פאלים״ אויף „פאלים״;
מיט שפיאנענדיק אויג דורכגעשפיזט.
פון קאפ ביז די פים.

און „מאטאר־פאלים״ און אויף פערד,
מיט פאטראלן גרייט;
זיי האבן געווארנט אין וועג,
ווער „פיקעטן״ גייט.

נאר „פיקעט-ליין״ — „פיקעט-ליין״ גייט,
ארום פאליציי;
דער פירער פון סטרייק — רודאלף קאץ,
שפאנט פראנט פון דער ריי.

האָט הינטן פֿאַרטשעפּעט זיך וואָס,
אַ פּיקעט-ליין-שילד —
האָט באַלד זיך געוואָרפֿן מיט „קלאָבס“,
די פּאָליציי ווילד.

מיט פּולווער געשמעקט האָט די לופֿט,
אַרום פּאָליציי;
און די זייד-פֿאַבריקאַנטן מיט טריק,
געלויערט דערביי.

פּאַטראָל נאָך פּאַטראָל אָנגעפּאַקט,
מיט מאַסן אַרעסט;
דעם פֿירער פֿון סטרייק — רודאָלף קאַץ,
פֿאַרהאַפּטעט צום לעצט.

אין איינזאַמען קאַמער פֿון „דזשייל“,
דעם פֿירער פֿון סטרייק;
און ווי אַ פֿאַרברעכער פֿאַרשפּאַרט,
אין אייזערנעם שטייג.

דורך אייזערנע גראַטעס צו שאַנד,
זיין שטראָף האָט געברענט;
און אים פֿון געריכט-הויז געפֿירט:
געשוואוירענע הענט.

מיט קולות פֿון סטרייקער אין דזשייל,
די לופֿט האָט געווייעט;
נאָר, גרעסערן קאַמף צוגעגרייט,
ווי נאָר זיך באַפֿרייט.

ט

אין די סטרייקער'ס גאַרקיך,
פֿון דער זיידענער שטאָט;

פאַר די סטרייקער׳ס קינדער,
האָט דער הונגער געדראָט.

אומבאַדעקטע טישן,
און פון ברעטער די בענק;
אָרעמע סטרייקער-קינדער,
צענויפגעשפּאַרט זיי ענג.

זופּ מיט ברויט די קינדער,
פון דער זיידענער שטאָט;
און די זייד-פאַבריקאַנטן,
האָבן אַזוי געדראָט.

אין די סטרייקער׳ס גאַרקיך,
קינדערלאַך בלאָס און גרוי;
האָט די נויט געשראָקן
און געווימלט אַזוי.

אין די סטרייקער׳ס „קיטשען“,
פון דער זיידענער שטאָט;
האָט די נויט געזאָטן,
אויפסניי מיט קאַמף געדראָט.

י

מיר זיינען געווינער,
מיר זיינען פאַרלירער;
דאָס ליד האָט געקלונגען:
פון קאַמף און מאַרטירער.

מיר זאַמלען דעם צאָרן,
מיר זאַמלען די נויטן;
— די פּיינען און שטראָפן
פאַרהאַרטעווען די הויטן.

מיר דינען צו צייטן
און מאָנען די לוינען;
מיר קענען פאַרזעצן,
די בעבעכעס ניט שוינען.

יא

עס האָט זיך די מאַסע געמינערט,
פון חדשים אין סטרייק;
די רעשט איז געוואָרן פאַרבראַקירט,
ווי שלעכטעס געצייג.

דאָס האָבן די זייד־פאַבריקאַנטן,
מיט שטראָפן געגליסט;
און פילע „געבראַנדמאַרקט", פאַרצייכנט,
געשטעלט אויף אַ „ליסט".

אַ שפּיאָנישע אויג האָט געשטאָכן,
מיט זיידענע הענט;
אין האַרץ האָט אַ צאָרן זיך באַהאַלטן —
און טיפער געברענט.

יב

ניינצען־צוועלף! ניינצען־צוועלף!
האָט דער קאַמף גיגאַנטיש,
יום־טוב'דיק פאַראַדירט;
און די שטאָט פּעטערסאָן,
אַלץ געטאָן אויפרייצן —
האָט זיך עפּעס ריזיקס,
פּעלזיק אָנגעשלאָגן —
און מיט פאַרשעמטע בליקן,

שוין געהאָפט אויף פרילינג,
צום קאַמף נײַנצען-דרײַצן.

נײַנצען-צוועלף! נײַנצען-צוועלף!
ווער, ווען האָט פאַרגעטערט
האָט געשפּילט אין געווינס —
איז אַראָפּ פון סצענע:
רודאָלף קאַץ, דער פירער;
און די וועבערייען,
און די פאַרבערייען,
וואָס אויפסניי געגרייט זיך,
נאָר, צום קאַמף באַנייען —
קלינגט ניט קיין מאַרטירער.

יג

דער נייער רוף צום סטרייק,
די מאַסע האָט באַוואויגן;
דער פרילינג איז געווען,
נאָך נעבעלדיק פאַרצויגן.

האָט פרי פאַרהילכט די לופט,
מיט מאַסן אויסגעשרייען;
איז שטיל געבליבן, שטיל,
אין אַלע וועבערייען.

דעם נעבל דורכגעשאַרט,
און ווייטע רופן ווייען;
איז שטיל געוואָרן, שטיל,
אין אַלע פאַרבערייען.

קיין ראָד האָט זיך באַוועגט,
קיין קוימען האָט געבלאָזן;

דעם אָטעם, ווי דערשטיקט —
דאָס שקלאַפעריי געלאָזן...

יד

גאַנצע גאַסן וועבערייען,
גאַנצע „בלאָקן“ פאַרבערייען,
פון די שטאָטישע פאַבריקן ;
פלעגן ווענט אַזוינע לויערן,
פון די אַלטע שוואַכע מויערן,
ווי אַ שוואַכער, קרומער רוקן.

אַרומגערינגלט מיט געפאַרן,
פלעגט ווי „קאָליעס“ אונטערשפאַרן,
אָט די אַלטע וועבערייען ;
און די פינסטערע — וואָס טויגן
פלעגן פינסטערן די אויגן —
מיט די דושנע פאַרבערייען.

האָט די מאַסע ניינצען-דרייצען,
שטורעמדיק גענומען פלייצן,
אויף די פּעטערסאָנער וועגן ;
שוין געפּרואווט זיך צו באַפרייען —
איצט מיט שטאַרקן קאַמף אַ נייעם,
מיט אַ צאָרנדיק אויפרעגן.

יה

פון אַ טויזנטער-קעפּיקער מאַסע,
האָט דער קאַמף זיך צוזאַמענגעשמידט ;
און דערוויטלט די פּנימ׳ער בלאַסע —
האָט דער קאַמף אין די הערצער געגליט.

ווי געקלונגען מיט טויזנטער טאַצן,
האָבן מאַסן די זאַלן אָנגעפילט;
ווי אין פלאַקער, אין ברען מיט שטורקאַצן,
האָבן יום-טוב׳דיק אין קאַמף זיך געצילט.

האָבן רוקנס זיך גלייך אויסגעבויגן,
האָבן פייערדיק אַפּלאָדירט די הענט;
און פון טויזנטער, טויזנטער אויגן,
האָבן לויכטענדיק, יום-טוב׳דיק געברענט.

יו

ביז ביל העיוואוד פון דער בימע,
חבר׳יש האָט באַגריסט די מאַסן;
האָט געקלונגען מיט זיין שטימע,
אויף די פּעטערסאָנער גאַסן.

העיוואוד׳ס פּנים לויכט אין פלאַמען,
מיט די ציינער שאַרפט די פיילן;
ציט די מוסקולן צוזאַמען,
ביז די פויסטן טוען זיך ביילן.

העיוואוד׳ס טראָט, ווי טאַפּפער-ריזן
און ברייט-ביינדיק ביזן נאַקן;
צילט מיט איין אויג בלאַנקע שפּיזן,
ביז דעם פיינט אַרונטער האַקן.

העיוואוד׳ס גייסט, ווי פאַקלס צינדן,
ברענט „מאַמאָנען“ אויפן שייטער;
מיט איין אויג — איין אויג אַ בלינדן,
שיקט אַ פלוך צו די אויסבייטער.

העיוואוד׳ס שמייכל מיט סאַרקאַזם,
נעמט צוזאַמען אַלע פינגער;
און אין קאַמף — איז נישט מגזם —
מאַכט אַ פויסט, באַנאַנד איז גרינגער.

נייעם קאַמף, מיט נייעם פירער,
שטאַלט דאָס פנים, אַלע ווייזן;
און געווינער און פאַרלירער —
העיוואוד שטאַרקט דאָס האַרץ, ווי אייזן.

יז

ניט אויף איין שפּראַך האָט די מאַסע גערעדט,
פון „שבעים לשונות" געמישט;
נאָר, אין אַפּלאָז האָט אָפּגעהילכט איין שפּראַך—
און יעדן אונטערשייד אָפּגעווישט.

שטייגט קאַרלאָ טרעסקאַ, אויף דער בינע שטייגט,
זיין הויכע פיגור אַזוי שלאַנק;
רעגט זיך און בויגט צו אַלעמען זיך צו,
אַזוי אין דער אויסשפּראַך און קלאַנג.

דורך אויגן-גלעזער שאַרף, דרינגט דורך זיין בליק,
ווי דימענט אַזוי אויפן גלאָז;
און הויך עם הילכט, זיין קעמפעריש קול קלינגט,
מיט טויזנטער הענט אין אַפּלאָז.

שטייגט גוירלי פלין, אויף דער בינע שטייגט,
מיט זויבערן שמייכל און רייץ;
באַגריסט דעם קאַמף, די מאַסן באַגריסט!
און פרייד אין קאַמף גיט אַ פאַרפלייץ.

די מאַסן סטרייקער, מאַסן זילבער־קלאַנג,
אַפּשאַלנדיק הילכט פון געווין;
און גאָלד איר שטים, זיך לייטערט אויפן קול —
קלינגט צויבערהנדיק אַפּ. גוירלי פלין.

## יח

ניט יעדע שפּראַך האָט די מאַסע געקענט,
האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס מען רעט;
און בראַוואָ אַפּלאָדירט, פּאַטשט מיט די הענט,
פאַר יעדן רעדנער, וואָס זי זעט.

שטייגט פּעטריק קווינלען, אויף דער בינע שטייגט,
אַ שמאָלער וואולקאַן אין זיין הויך;
דאָס מויל ער עפנט, ווי מיט לאַוואַ־פלוס, פליסט —
און שיסט אין איין אָטעם, פלאַם און רויך.

די גאַנצע מאַסע שמעלצט ער, איין גלי,
פון בינע און ביז איבערן זאַל;
און בראַוואָ! הוררי! הילכן אָפּ די ווענט,
ביז הילכט אין גאַנצן איין געשאַל.

שטייגט דזשאַן ריעד, אויף דער בינע שטייגט,
דעם קאַמף שאַרפזיניק ער באַלויכט;
ביז וואַן, די „אינטערנאַציאָנאַלע" קלינגט —
און ברידערלאַך אַלצדינג באַהויכט.

זינגט מיט די בינע, זינגט מיט דער זאַל,
זינגט מיט די מאַסע אינם כאָר;
און יום־טוב׳דיק אַלץ, דיריגירט דזשאַן ריעד—
קלינגט פייערלאַך און יום־טוב׳דיק פאָר.

## יט

אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אין פרימאָרגן,
האָט וואָס היילּיק פון בינע גערעט;
ווער האָט ניט געטאָן זיך פאַרזאַמלען,
ווי אַ פרומער פאַרפעלט ניט ס׳געבעט?

קלינגט לאַטייניש, סעמיטיש און סלאַוויש,
ווי דאָס היגע אַנגלאָ־זאַקסיש נישט פרעמד;
און שווער איז פון זאַל זיך אָפּרייסן —
ביז די רעדעס געווען שוין צו ענד.

אַ טאָג נאָך אַ טאָג אין פרימאָרגן,
האָט אַלץ מער התלהבות געשטייגט;
און טשאַרלי פירלאַסי אויף דער בינע,
האָט געזונגען די לידער פון סטרייק.

האָט פריילאַך באַגייסטערט די מאַסן,
מיט געזאַנג, אינם קאַמף זיך געפין;
און הוריי פאַר העיוואוד און טרעסקאַ!!
און פאַר פעטריק קווינלען און גוירלי פלין.

האָט טשאַרלי פירלאַסי געזונגען,
פון קאַמף דורכגעדרונגען דאָס ליד;
און הוריי אַזוי, פאַר די סטרייקער!!
ווער האָט נישט געזונגען מיט אים מיט?

## כ

מיט קאַמף און געזאַנג, פון די מאַסן,
די זאַלן זיך האָבן געשלאָסן:

און וויפיל „פּאָליסלייט“ באַוואַכן,
פאַרהאַקן די טירן, פאַרמאַכן.

זיי היטן, ווער ווייס וואָס זיי היטן,
צו האָט ווער, וואָס פאַלשעס געביטן?
און שטערן גאָר סטרייקער צו ריידן,
פאַרשליסן פאַרזאַמלונג-געביידען.

וואָס איז דאָ, פאַרווערט און פאַרבאָטן,
מיט פערדישע קאָפּעטעס צעטראָטן?
און הענט מיט די קנוטן זיך דרייען,
ארום, וואו די מאַסן נאָר שטייען.

וואָס טוען זיך שפּיקעס באַהאַלטן,
באַהיטן זיי קעפּ, פון צעשפּאַלטן?
און מחנות „פּאָליס“ אַרום רייטן,
פאַרצאַמען די מאַסן פון ווייטן.

וואָס צערנען און רייצן די בלוטן,
מיט הענט, אַ אַזעלכע מיט קנוטן?
און פון די שפּיץ־דעכער נאַכטייטן:
די שפּיקעס אַרום ביי די זייטן.

## כא

צאַרנדיק-צעפּלאַמטער,
טויזנט-קעפּ׳נדיקער ריז;
בלויז איין בליק אַ שאַרפער,
וואָלט געשאַרפט דעם שאַרפסטן שפּיז.

ווער וואָלט דיך געוועלטיקט,
אונטערטעניקט אַזאַ ריז?
און נישט אָנגעטראָטן,
וואָלט דער פיינט דיר אויף די פיס.

צאָרנדיק-צעפלאַמטער,
טויזנט-קעפ׳נדיקער ריז;
טרעטסט אַלץ אָפּ צעשראָקן —
פאַר אַ שאָטן, וואָס עס איז.

כב

האַנט צו האַנט געשלאָסן,
ווי מיט הענט אַ קייט;
ציט זיך אַזאַ סקאַדראָן,
איינציקוויז אין ברייט.

האַנט צו האַנט געפלאָכטן,
ווי מיט הענט אַ שטריק;
ציט זיך, ווי געקייטלט,
פון „פּאָלים“ אַ בריק.

לאָזט זי נישט אַדורך גיין,
דראָט אַזוי, ווי ווייט;
און די מאַסע רייסט זיך,
שטופּט זיך פון דער זייט.

וואַקסט אַם פּלאַץ די מאַסע,
ברייטער ווי עס איז;
לייענט דעם „ראַיאָט-אַקט“ פאַר,
דער „טשיף“ פון „פּאָלים“.

פאַר דעם פרייען הימל,
אויף דער שטאָטישער ערד;
לייענט דעם „ראַיאָט-אַקט“ פאַר —
וואָרנט און פאַרווערט.

כג

אין דעם שטעטל הילדען,
לעבן הילדען־וואַלד;
האָט שוין גאַנץ פּעטערסאָן,
מיטן קאַמף געשאַלט.

זומערדיק איז דרויסן,
און דער וואַלד איז נאָנט;
שטייט איין־שטאָקיק הייזל,
מיט אַ גאַנעק־פראָנט.

איז געווען די בינע,
ס׳גאַנעקל פון הויז;
רעדנער נאָך אַ רעדנער,
קומען דאָרט אַרויס.

טויזנטער מיט סטרייקער,
זאַמלען זיך אַרום;
אונטער פרייען הימל,
לויטער קלינגט די שטים.

פריי איז דאָס פאַרזאַמלען,
און דאָס ריידן פריי;
נישטאָ די שטאָט־שפּיקעס —
און די פּאָליציי.

אין דעם שטעטל הילדען,
לעבן הילדען־וואַלד;
שטייט איין־שטאָקיק הייזל,
און פון גאַנעק שאַלט.

און דער „מעיאָר“ בראַקמאַן,
גריסט דעם קאַמף און מוט;
איז מיט אַלע סטרייקער —
און פֿאַרהאַסט די קנוט.

בירגער־מייסטער בראַקמאַן,
מיט איין „היטער“ נאָר;
היטן שוין די גרענעץ,
פּעטערסאָנ׳ס ווילקור.

קומט מען ווי אויף יום-טוב,
עולה-רגל זיין;
טויזנטער מיט סטרייקער,
זונטאָג קומט נאָך מיין.

טרעפֿט זיך אויך אַ פֿרומער,
הייליק אַן געבעט;
איז פֿול מיט צוטרויען,
פֿאַר דעם קאַמף ער רעט.

ס׳גאַנעקל — די בינע,
רעט מען און מען זינגט;
און פֿון אַלע קירכן,
פֿוסט דער גלאָק ער קלינגט.

כד

עס האָבן באַשימפֿפֿט די סטרייקער,
די זייד-פֿאַבריקאַנטן;
וואָס זינגען זיי פֿאַרא לידער —
אַט די אינטריגאַנטן?

דעם אויפגעוואָרפן — דו פרעמדער!
דו ניט-אַמעריקאַנער!
און העיוואוד טוט אונטערהעצען:
שטייט — אַלע ווי איינער. — —

דעם אָנגערופן אזוינער —
און שיסער און פלאָקן;
און גוירלי פלין מיט איר שמייכל:
פאַרפירעריש לאָקן.

און טרעסקאָ און פעטריק קווינלען,
זיי רייצן „ראַיאָטן“;
נאָר „פינקערטאָנס“ וועלן קענען:
די חברה אויסראָטן.

כה

יעדע נייע וואָך פון מאָנטאָג,
די פאַבריקן גרייט;
האָבן זיך געריכט, זאָל רוישן,
יעדעם ראָד, וואָס שטייט.

האָבן זיך געפייפט פאַבריקן,
מאָנטאָג אין דער פרי;
אָט, זיי קומען שוין זיך בעטן!
אָרעמע, קומט צו.

נאָר, דאָס „פיקעטן“ פון סטרייקערס,
האָט דאָס נאָכגעקרומט —
און דאָס פייפן פון פאַבריקן,
האָט בייז נאָכגעברומט.

האָבן אָנגעהויבן פייפן,
„פּאָלים" מיט צעיאָג;
און פון „גענגסטער" דאָרט געשאָסן,
אויפן גרויען טאָג.

האָט זיך אָפּגעהאַקט דאָס פייפן,
מיטן מאָרגן־רויט;
און אין טונקלקייט נאָך גרויען,
מיט צוויי לעבנס טויט.

כו

אויפן פיצל טאָג — באַגינען,
נאָך איבער פייכטע טויען;
האָט גענומען דין צו טריפן,
פון הימלדיקן גרויען.

האָט געטאָן זיך מונטערן נאָך,
מאַדאָננאָ — מאָדעסטינאָ;
האָבן קוים, געזשיפּעט נאָך קוים,
ווינשענסאָ — וואַלאַנטינאָ.

טריב האָט זיך געטאָן אויסשפּרייטן,
דער דינער, דראָבנער רעגן;
ביזן גליווערן פאַרגאַנגען,
וואָס לעבלאָך נאָך געלעגן.

טויט געוועזן, טויט געלעגן,
די ליפּן שטאַר, אָן ענטפער;
די אויגן נאָך, ראַכזיכטיק אָפן,
פון ביידע יונגע קעמפער.

כז

פון עק שטאָט, צו עק שטאָט,
אַזוי לאַנג, אַזוי ווייט;
האָט געצויגן זיך שוואַרץ,
דאָס באַגלייט, דאָס באַגלייט.

טויטן־וואָגן געשפּאַנט,
גייען נאָנטע נאָך נאָנט;
און די פרעמדע פון ווייט,
נאָך די פירערביים פראָנט.

האָט געקלונגען אין וועג,
יעדנס זיפץ פון האַרץ;
מיט די טויטן־מוזיק,
מיט די ארונות שוואַרץ.

האָט געקלונגען אָפּ שטיל,
אין אַ טריט און אַ טראָט;
און די לויה, ווי גרויס,
ציט זיך איבערן שטאָט.

האָט דער טרויער באַגלייט,
אין אַ ריי נאָך אַ ריי;
און געצויגן זיך שוואַרץ,
שטאָט פעטערסאָן פאַרביי.

מיט קרענץ בלומען ביים גרוב,
יעדעס זאַמדל פאַרלייגט;
און מיט הספד און קאַמף —
אומעטום האָט געשטייגט.

כח

די שטאָט פון אבילות און קאַמף,
זי האָט זיך געשטאַרקט קאָלעקטיוו;
געטרויערט, צו שאַנד פאַר דעם פיינט,
פאַרפאָלגט, פון געריכט און פון „טשיף".

פאַרשעמט האָט אַ ווייל זיך די קנוט,
ווער לייענט פאַר דעם „ראַיאָט" אַצינד?
נאָר, טרויערן אפילו באַנאַנד —
קען שטראָפן, אַ ריכטער, פאַר זינד...

די שטאָט פון אבילות און צאָרן,
זי האָט זיך געקרעפטיקט באַנאַנד;
דער טויט האָט געהויערט אַרום:
דאָס גאַנצע אכזריות צו שאַנד.

כט

ביי די „רעליף"-סקלאַדן,
פון די סטרייקער'ס רעליף;
קומען אָן און גייען,
סטרייקער אין קאָלעקטיוו.

חדשים לאַנג זיי סטרייקן,
טעג און וואָכן אַלץ פעלט;
שורות'ווייז די סטרייקער,
שטייען זיך אויסגעשטעלט.

חדשים לאַנג זיך ציען,
ציט זיך אַזוי צענויף;

פון דער גאַס די רייע,
ציט זיך אַריין אין הויף.

חדשים לאַנג זיי סטרייקן,
יעדער אַ „שפּייז־קאַרט" האָט;
קינד און קייט פאַרשריבן —
פון חער זיידענער שטאָט.

ל

עס האָבן סטרייקער, זייערע קינדער
אין פרעמדע היימען און שטעט געשיקט;
פון קאַמף אַזוי דעם לאַסט פאַרגרינגערט,
וואָס שווערע נויטן האָבן געדריקט.

די ענגע שטיבלאַך, פון די סטרייקער,
די קרומע הייזלאַך, מיט זיי צוגלייך;
ווי מוטלאָז זיינען זיך געשטאַנען,
מיט געסלאַך אָרעמע, גרוי און בלייך.

און פּוסט אַזוי, די סטרייקער'ס וואוינונג,
די קינדערלאַך, בלוט־אָרעם און בלאַס;
נאָר, אויפגעמונטערטע ביים שיקן —
זיי האָבן זיך צעזונגען אין גאַס.

לא

וואַגאַנס באַפּוצטע, מיט פענדלאַך,
מיט פאַפּירענע סטענגעס דעקאָרירט;
פלאַטערן צו, מיט די קינדער,
ווי צו אַ „פּיקניק" זיי געפירט.

פלאטערט די גאס, פון וואן־האטען,
מיט דעקארירטן "האלווישע־זאל" ;
שיינען די קינדער פון סטרייקער,
מיט יום־טוב׳דיקן יובל־געשאל.

פארן שוין מיט, מיט די קינדער,
דאקטאר ראז־האמער און גוירלי פלין ;
טאטעס און מאמעס, זיך געזעגענען,
די קינדערלאך זינגען, פון געווין.

לב

מיט אויסגערוטע ביינער געשטארקט,
מיט מוסקולן קרעפטיק באהויט ;
די קינדער מיט היימען באזארגט —
אזוי גלייך אויף גלייך איז די נויט.

נאר, עמיצער האט נישט גערוט,
געצויגן ארויף מיט א שטריק ;
א פאן אזוי, אנשטאט א קנוט —
א פאן, אויף יעטווידער פאבריק.

געפלאטערט האט טאג נאך א טאג,
ווי חגא אין מיטן דער וואך ;
נאר, פענער מיט פייפן געטראג,
געמאניעט, גערופן צום יאך.

עס האבן פאבריקן געפייפט,
מיט פאטריאטיזם באפוצט ;
דעם שטריק, אנגעצויגן פארשטייפט,
וואלט „יענער", ווער וויים וואס באנוצט ?

און עמיצער האָט ניט גערוט,
די פרעמדע, זיי זיינען אַ שאַנד;
און האָט נאָר געדראָט מיט דער קנוט:
קומט דינען די פאָן פון דעם לאַנד.

לג

עס האָט זיך די מאַסע צעשפּליטערט,
פון פאַטריאָטיזם געהעצט;
אַ פאָן האָט געפלאַטערט, געציטערט,
האָט ווער שוין, ווער וויים וואָס פאַרלעצט...

פאַבריקן מיט פייפן און רופן,
מיט קנוטן און גראַטעס געפאַסט;
„פאַרשווערער, פאַרשווערער באַשטראָפן,„
דער ריכטער, האָט הארב צוגעפאַסט...

די ציימונגען, מיט פראָפּאַגאַנדע,
זיי האָבן געהעצט ביזן ענד;
די פירער, פאַרפירן אַ באַנדע —
אַזוינע אויסוואורפן פאַרלענט.

עס האָט זיך די מאַסע געשפּליטערט,
אויף היגע און פרעמדע צעטיילט;
דער קאַמף האָט אַזוי זיך פאַרביטערט,
די מער-צאָל האָט פרעמד זיך געציילט.

לד

פון די סטאַנציעס און די באַנען,
פּאָליציי צו תפיסות פירן;

שפּיאָנען לאָקערן אויף העיוואוד,
ביים אַראָפּגיין אַרעסטירן.

ביי די באַנען און טראַמווייען,
וויפיל שפּיקעס אַלץ באַוואַכן!
שפּיאָנען זוכן פּעטריק קווינלען,
אויף די וועגן און די שליאַכן.

און די „פּיקעטס“ פון פאַבריקן,
מיט צושויער, דורכשפּאַצירער;
קנוטן שלאָגן, קנוטן וואַרפן,
אין די „פּריזאָנס“ מיט די פירער.

לה

אַ העלדישע מיידל, אַ „דזשאַן־ד'אַרק“,
האָט טויזנטער פּיקעטס געפירט;
געדיכט אין געשלאָסענע רייען,
אַרום די פאַבריקן שפּאַצירט.

דער טשיף האָט זיך דאָרטן צעיאַכמערט,
מיט קנוט אין דער זייט פאַרבלאָקירט;
דאָך טויזנטער פּיקעטס אין רייען,
האָט עני זילבערמאַן געפירט.

אַ העלדישע מיידל — אַ צווייטע,
געפירט האָט יונגוואַרג באַנאַנד;
מיר זיינען געבוירן פון פרעמדע —
נאָר היגע, געבוירן אין לאַנד.

אין הענט אַזוי, די פלאַקאַטן,
אַרום די פאַבריקן שפּאַצירט;
און הונדערטער יונגוואַרג אין רייען,
האָט מערי זילבערשטיין געפירט.

די העלדישע מיידלאַך, די דזשאַן־ד'אַרקס,
זיי האָבן די פּיקעטס געפירט;
און פאַטראָלן זיינען געלאָפן,
אַהין און אַהער, ווי פאַרווירט.

## לו

אין דער „אַרמאַרי" פון שטאָט,
שטאָל מיט בליי עס בלענט;
איינגעשלאָסן אין די שענק,
ביקסן ביי די ווענט.

בלענט מיט סאָלדאַטשינע, בלענט,
פּאָליציייסקע קנעפּ;
און די טויזנטער אין זאַל,
קעפּ אויף קעפּ און קעפּ.

אָפן איז די אַרמאַרי,
שטאָל מיט בליי באַוואַכט;
און אַ יעדער סטרייקער זאַל,
איז אין שטאָט פאַרמאַכט.

אַלע טירן, טויערן ברייט
עפענען זיך אויף;

נאָר, קיין העיוואוד שטייגט דאָ ניט,
אויף דער בינע אַרויף.

אָפּן איז די אַרמאַרי,
פייערדיק געפּרואווט;
אַלע סטרייקער פון דער שטאָט,
און דער טריבון רופט.

אָפּן די טריבונע איז,
דזשאָן גאָלדען*) זיך באַווייזט;
טומלט זיך — פאַלים טרייבן אַרוים:
די, פון העיוואוד'ם גייסט.

לז

אין מעדיסאָן סקוועער גאַרדען — ניו-יאָרק,
פאַר טויזנטער צושויער אין זאַל;
האָט זיך אָפּגעשפּילט דער פּעטערסאָן סטרייק —
און אַלץ, וואָס געצויגן זיך ברוטאַל.

דער בינע-פאָרהאַנג אויסגעמאָלן,
געווען איז, פון זיידנס אַ פאַבריק;
דער בינע-פאָרהאַנג, אויפגעצויגן,
האָט פּענער, מיט קנוטן און מיט שטריק.

די בינע, מיט פּיקעטס פּלאַקאַטן,
און וואָס זיך געוואָרפן אַרויף ווילד;
איז פּעטערסאָנ'ם שאָטן געהאַנגען,
פאַר מעדיסאָן סקוועער גאַרדען אַ שילד.

*) איז געווען אַ פירער פון א. פ. אָוו ל.

האָט מאָנסטערדיק עפּעס געשראָקן,
וואָס האָט זיך פון בינע אָפּגעשפּילט;
איז פּעטערסאָנ׳ס שאָטן געהאַנגען,
אין טונקעלע נאַכט, ארומגעהילט.

אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן — ניו־יאָרק,
פאַר טויזנטער צושויער אין זאַל;
האָט זיך אָפּגעשפּילט, דער פּעטערסאָן־סטרייק —
און אַלץ, וואָס געצויגן זיך ברוטאַל.

לח

פונם וועבעריי — ביזן שקלאַפעריי,
איז נאָר בלויז אַ טריט;
שפּינט די צייט אויפסניי, איבער יעדן קנופּ,
און דער פאָדעם ציט —

איבער יעדער נויט, איבער יעדן קנוט,
און דער צאָרן גליט;
פּלאַצט אַזוי דער קנופּ, שפּינט זיך ניי און וועבט:
פונם קאַמף דאָס ליד...

# אינהאַלט:

## לידער פון היים און פאַבריק



## לידער פון בייטקען און אומרו

## לידער פון אַרום זיך

זייט



## לידער פון תהום'ען און הויכן

## לידער און עפּיגראַמען

## לידער אויפן שייד-וועג

זייט



## באַלאַדע פון אַ אינגל



## פעטערסאָן (באַלאַדע)



# אויסבעסערונג

זייט 253, צווייטע שורה — דאַרף זיך לייענען:

טויזנט-ליידענדיקער ריז;